# טאָג און נאַכט.

אַלע ווערק

פון

מ. ספּעקטאָר.

ערשטער באַנד.

פערלאג „פּראָגרעס", ווארשא.

תרע"ב—1912

# דער פעטער.

## I.

אין דעם שטעדטיל טשיטשילניק וואוינט א יוד ר׳ חיים חייקעל. דער דאזיגער יוד איז אין דעם שטעדטיל געבוירען, בר מצוה און א חתן געווארען, חתונה געהאט, אנ׳אײדעם געװען, און היינט איז ער א יוד פון א װײב און קינדער מיט צוויי ציגען, וואס ציקלען זיך בײדע גלײך אכט טאג פאר פסח, ד. ה. אין איין צייט מיט זיין װײב געלעגענטע. דער דאזיגער יוד מיט זיין װײב און קינדער מיט די צוויי ציגען ציהען זייער פרנסה פון א קלייטיל, וואס דארט פארקויפט זיך פון אלעם גוטס: קאטשערעס, לאפעטעס, וויסע לעהם, טהע און צוקער, נאפט, גרויפען און גרייפליך, טעפ און גלעזער מיט נאך אנדערע סחורות, וועלכע טרעפען אן אינגאנצען א הונדערטער און אפשר די גאנצע ק״ן רו״כ, פאר וועלכע ער צאהלט וואכער דעם טשיטשילניקער וואכער-ניק.

אזוי האט זיך חיים חייקעל א סך יאהרען געלעבט מיט זיין פא-מיליע שטיל, רוהיג און גליקליך.

איינמאל איז חיים חייקעל געקומען פון דער קלויז און זיין װײב געבראכט פרעהליכע נייעס, אז זיין רייכער פעטער וואס וואוינט תמיד אין אדעס, דארף די טעג דורכפ‍ ‍ען טשיטשילניק. אין שטוב האבען זיך אלע דערפרעהט, וואס צו זיי דארף קומען אזא טייערער גאסט.

— סטייטש, א קלייניגקייט, דער רייכער פעטער דארף קומען!

— און ער וועט טאקע זיין ביי אונז אין שטוב? — האט געלעגענטע געפרעגט.

— נישט גאר זיין, ער וועט ביי אונז טאקע מוזען עסען מי־טאג — האט חיים חייקעל געענטפערט לעבעדיג.

— זעהר גוט! — האט זיך געלע יענטע מיט די קינדער דער־פרעהט — אבער וואס־זשע שווייגען מיר? מע דארף דאך עפעס זעהען, חייקעל, וואס שווייגסטו, חייקעל?

— איך שוויי גארנישט, מע דארף טאקע זעהען; וואס מיינסט דו, דער פעטער איז עפעס אזא מענש ווי מיר, וואס א שטיקעל הע־רינג מיט ברויט איז אויך אנ׳עסען, און א זופ פון פאסאליעס איז שוין א מיטאג?

* *

*

אלט טאג איז אינגאנצען געבליבען ביז דעם פעטערס קומען, אויף געלע יענטען האט זיך דער שלייער געדרעהט, זי האט גארנישט געוואוסט פון וואס אנהויבען צו טהון.

— אומשטיינס געזאגט, אז איך וועל שוין פאר דעם רייכען פע־טער קאכען א יויך פון א הינדעל, וואס פאר א ווערט קען עס האבען ביי איהם? — האט זי זיך געטראכט — ער וועט אונז קבצנים נאר אויסלאכען און ווייטער גארנישט.

נאר געלע יענטע האט דעם קאפ אינגאנצען נישט פערלוירען, זי איז נישט געוועזן פון די ווייבער, זי האט זיך שטענדיג געהאלטען פאר א גרויסע בריה און פלעגט זיך שטענדיג טראכטען, ווען זי זאל זיך נים געוועזן פארשלייערן מיט חיים חייקלען, וואלט זי קיין חייקעליכע נישט געוועזען.

— ווי בעגליקט מיך נאר גאט מיט א צעהן טויזענד קערבליך, פלעגט זי אפט זאגען, וואלט איהר געזעהען וואס פאר א גביר׳טע איך, געלע יענטע, וואלט געוועזען.

און געלע יענטע איז ביי זיך איצט אויך נישט אראבגעפאלען:

— נישט־קשה, דער פעטער מעג קומען און ביי אונז עסען מי־טאג, מיט גאטס הילף, אז איך וועל נישט פערשעמט ווערען. איך וועל איהם מאכען אזעלכע קנישעקליך מיט פוטער און מיט קעז און מיט סמעטענע, אז אין אדעם זעהט מען נישט אזעלכע, און ... נאר שא — איך וויל גארנים אויסזאגען, וואס איך וועל מאכען, זאל חייקעל דערווייל נישט וויסען, וועט ער זיך דערנאך אליין וואונדערן.

* *

*

אויף מארגען האט געלע יענטע געזאגט צו איהרע קינדער :

— פון היינט. קינדערלעך, ביז דער פעטער וועט קומען וועט איהר זיך בעגניגען מיט האלבע גלעזער מילך, ווייל פון דער גרויסער ציג מוז איך איינגאנצען בעהאלטען אויף א מילכיגען אנבייסען פאר דעם פעטער.

און די קינדערלעך האבען מיט פערגעניגען זיך בעגניגענט מיט האלבע גלעזער מילך מיט דעם זיסען געדאנק, אז דער רייכער פעטער וועט צו זיי קומען צו פאהרען און ביי זיי עסען א גוטען מילכיגען אנ- בייסען.

די גאנצע אכט טאג האט געלע יענטע מיט איהרע קינדער גע- הארעוועט, ווי א פרומע יודענע פאר פסח. מע האט געוואשען, געשא- בען, געריבען און אין יעדען ווינקעל ריין געמאכט. אין קלייט, אין דער פרנסה האט געלע יענטע די גאנצע אכט טאג קיין צייט געהאט אריינצוקוקען, נאר חייקעל איז דארט געזעסען, און איהר קענט זיך שוין פארשטעלן, וואס פאר א פדיון עס איז געוועזען די אכט טאג ביי א מאנסביל, אומשטיינס געזאגט.

געלע יענטע און חיים חייקעל האבען אפילו געזיפצט, וואס די אכט טאג געהט ביי זיי אוועק אזוי פיעל געלד און מע לייזט גארניט.

— אבער ווען טרעפט זיך אונז אזא טייערער גאסט. איינמאל אין א יובל — האבען זיי געזאגט און זיך בערוהיגט פון זייער שלעכטע לאגע.

פיער טעג, איידער דער פעטער איז געקומען, האט געלע יענטע געזאגט חייקלען :

— געלויבט גאט. ביי מיר איז שוין אלץ אין ארדנונג; מיר האבען זיך ב"ה ניט, מיט וואס צו שעמען, נאר, חיים חייקעל, דאס פנים שווארצט מיר, אז דער פעטער וועט זעהען אונזערע קינדער אזוי שענדליך אנגעטאן, מען מוז זיי עפעס מאכען, האטש קליידלעך און שיכלעך, וואס זאל מען טאן, מען קען דאך ניט פערשעמט ווערען פאר אזא גאסט.

און חיים חייקעל איז אויף מארגען געגאנגען צו זיין אלטען בע- קאנטען, צו דעם טשיטשילניקער וואכענגעבער, און ווייטער געליהען

עטליכע רובל אויף פּראָצענט אויסצוצאָהלען וואָכערס און אַרייגגעגאַנגען אין אַ קלייט קויפען פאַר די קינדער. נאָר דאָ האָט ער זיך מיט אַ זיפץ דערמאָנט, אַז זיין גאַלע יענטע האָט אויך ניט קיין לייטיש מלבוש, און אַז ער האָט שוין פאַר זיין ווייב און קינדער איינגעקויפט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז ער מוז חאָטש האָבען אַ ניי היטעל מיט אַ פּאָר שיך. מילא די קאַפּאָטע וועט ער אויספוצען מיט אַ בערשטעל, אָבער אַ צו־ריסען היטעל מיט צוריסענע געלאַטעטע שיך העלפט ניט קיין בערשטעל, מען מוז קויפען נייע.

אַז חייקעל איז געקומען אַהיים האָט ער בערעכענט, אַז אויסער די געליהענע פּראָצענטאָווע קערבליך, האָט ער זיך אין די קלייטען געמאַכט נייע חובות, און גאַלע יענטע האָט דערויף געענטפערט מיט אַ זיפץ: „אַזוי איז שוין שטענדיג, איידער מען געהט אין קלייט, קאָסט אַלץ ביליג און אַז מען קומט אַהין, איז אַלץ טייער״. — נאָר געלויבט גאָט, איצט מעג שוין דער פעטער קומען, אונזער פּנים וועט שוין ניט שוואַרצען און מיר האָבען זיך ניט וואָס צו שעמען — האָבען זיי זיך געטרייסט און געוואונשען: אַז מען זאָל טראָגען און צו רייסען געזונטערהייד, מען זאָל דערלעבען אויף די קינדערס חתונה סאַמעט שניידען אין אַ גוטען אופן, אָמן.

❀ ❀

❀

ער פאָהרט, ער פאָהרט, ער איז געקומען, דער רייכער פעטער, דער גביר! ער האָט דערפרעהט און בעהערט דעם פּלימעניק און איז אין זיין הויז געקומען. חיים חייקעל מיט זיין ווייב און קינדער זענען געווען אָנגעטאָן יום־טוב׳דיג. אַלע זענען געשטאַנען אויף די שפּיץ פינגער און געקוקט דעם פעטער גלייך אין מויל אַריין, אין דעם קליינעם שטי־בעל האָט געשיינט פון יעדען ווינקעלע.

— פעטער, ווילט איהר עפּעס עסען?

— פעטער, טאָמער שטערען מיר אייך, איהר ווילט זיך אַ ביסעל אָברוהען פון וועג? קינדערלעך לאָז זיין שטיל, קומט לאָמיר דעם פע־טער לאָזען זיך אָברוהען פון וועג.

— פעטער, אפשר ווילט איהר טהיי?

— פעטער, פעטער, פעטער! — האָבען אַלע געטאַנצט אַרום דעם גאַסט פון אַלע זייטען.

— איך דאנק אייך , איך דאנק אייך ,—האט דער פעטער גענענט פערט — איך וועל א ביסעל זיצען און רעדען מיט אייך , דערנאך וועל איך עסען און דערנאך וועל איך ווייטער פאהרען , איך האב זיך נאר דא אבגעשטעלט א ביסעל אברוהען די פערד .

— ס'טייטש, פעטער , אזוי גיך ? נאט ווייסט, ווען מיר קענען זיך נאך אמאל זעהען ! אזוי לאנג געווארט אויף אייך און איהר פאהרט שוין אוועק ? חאטש א צוויי טאג זיין ביי אונז , חאטש איבערנעכטיגען !

— נו , נו , ביז מיין פאהרען איז נאך ווייט , דערוויילע וועלען מיר רעדען , עפעס שמועס'ען . ווי געהט עס דיר , פלימיעניק ? נו , דאס זעה איך : א ווייב מיט קינדערליך האסט דו ב"ה גלייך מיט אלע יודען .

— געלויבט דער איבערשטער , געלויבט דער , וואס איך בין זיין נאמען נישט ווערט צו דערמאנען , האט פריהער חיים חייקעל און דערנאך געלע יענטע געענטפערט , אויפהויבענדיג די הענד ארויף .

— און ווי איך זעה — האט דער פעטער ווייטער גערעדט — געהט דיר ב"ה נישקשה , ביי אייך איז ריין , שען . דיין ווייב און קינדער שיינען און זענען פרעהליך , עס פרעהט מיך זעהר , וואס איך זעה דיך און דיין פאמיליע אין אזא שטאנד .

— א דאנק זיין ליבען נאמען ! — האבען זיי געענטפערט מיט שטאלץ — ער פערלאזט אונז נישט , אונזער פרנסה האבען מיר ב"ה .

צווישען אזעלכע פרעהליכע רעד האט געלע יענטע געגרייט צום טיש און דערלאנגט פרישע קנישעס מיט קעז און פוטער און דערנאך א מאסליאנע קאשע מיט א סך סמעטענע . דער פעטער האט געגעסען מיט גרוים אפעטיט און געלויבט יענטען ביז אין הימעל אריין , און געלע יענטע האט זיך געפיהלט אויף דעם זיבעטען הימעל , און חיים חייקעל האט פאר פרייד קיין ארט זיך נישט געפונען . דער פעטער האט געשיקט נאך גוטען וויין און מען האט ביי חיים חייקלען אין שטוב דעם טאג פערבראכט , ווי אויף א חתונה . געלע יענטע האט דעם פעטערס קוטשער אויך נישט פערגעסען און איהם געהאדעוועט .

דער פעטער האט אזוי גוט פערבראכט די צייט , אז ער האט זיך געלאזט איבעררעדען און איז געבליבען נעכטיגען ; אויף דער נאכט ווייטער די אייגענע חתונה , געהאדעוועט דעם פעטער מיט זיין קוטשער . אויסער דעם פעטער איז ביי חייקלען אין הויז די גאנצע נאכט קיינער נישט געשלאפען , וויל גאנץ פריה דארף דער פעטער אוועקפאהרען ,

זאָל ער חאַטש בייַ זיי טרינקען טיי און עפּעס איבערבייַסען.

גאַנץ פריה נאָך טיי און איבערבייַסען האָט זיך דער פעטער געזעגענט מיט חיים חייַקלען און מיט זייַן פאַמיליע. דער פעטער האָט ארויסגענומען עטליכע רובל און געוואָלט שענקען די קינדער, נאָר חייַקעל מיט זיין ווייַב האָבען איהם אָבגעהאַלטען:

זאָל גאָט אָבהיטען! מען דאַרף נישט, עס איז איבעריג, איהר בעלייַדיגט אונז! וואָס איז? איהר האָט געגעסען בייַ אונז אַ מיטאָג, דאַרפט איהר אונז בעצאָהלען?

דער פעטער האָט זיך נאָך אמאָל געזעגענט, אַ קוש געטאָן דאָס קלענסטע קינד, געזאָגט, עס איז אַ שען קינד — און דער פעטער איז אַוועקגעפאָהרען.

חיים חייַקעל מיט געלע יענטען זענען געווען גליקליך, איבער גליקליך, און נאָך מעהר — געלע יענטע, וואָס דער פעטער האָט אַ קוש געטהון איהר קליין קדיש'ל און געזאָגט: עס איז אַ שען קינד.

בייַ חיים חייַקלען אין הויז זענען אַלע אַנידערגעפאַלען שלאָפען, ווי נאָך אַ חתונה.



דער פעטער איז שוין געווען עטליכע וויאָרסט אונטער דער שטאָדט, און זיצענדיג אין דער ווייכער קאַרעטע, האָט ער נאָך געטראַכט וועגען טשיטשילניק, ווי שטיל, גוט און רוהיג לעבט זיך עס בייַ די קליינשטעדטעלדיגע מענשען און ווי גאַסטפרייַנדליך זיי זענען. זיי פרעהען זיך, אַז עס קומט צו זיי אַ קרוב! נאָר אין עטליכע מינוט ארום האָט ער שוין אויף שטענדיג, אויף אייביג פערגעסען, צי עס איז גאָר דאָ ערגעץ אַ שטעדטיל טשיטשילניק און אַז ער האָט דאָרט אַ פלימיעניק מיט ווייב און קינדער, און האָט ווייטער אָנגעהויבען טראַכטען פון זייַנע זאַכען: וועגען דער אימעניע, וואָס ער פאָהרט איצט קויפען בייַם פּאַן זאַרעצקי, וועגען דער נייַער פּאַראָווער מיהל, וואָס ער בויט אין דער אַלטער אימעניע, וועגען דער קאַרעטע, וואָס ער פאָהרט איצט אין איהר, אַז עס איז צייַט זי צו פערבייַטען אויף אַ נייַע.

ווייַטער האָט דער פעטער געטראַכט: אַז אויף הייַנטיגע יום־טובים וועט ער אויף זייַן חשבון הייסען די אַדעסער אָרימע תלמוד־תורה־

קינדער מאכען שטיוועלעך, און זיין פרוי וועט שענקען עטליכע שטיק ליינוואנד אויף העמדער פאר ארימע קינדער, אז היינטיגס יאהר מוז ער ווערען א גבאי אין דער אדעסער גרויסער שוהל, און פון נאך פיעל זאכען האט דער פעטער געטראכט, זיצענדיג אין דער קארעטע.

* *

*

ערשט פארנאכט איז מען ביי חיים חייקלען אויפגעשטאנען, דער קאפ האט וועה געטאן, ווי נאך א חתונה, און אין קעשענע איז געווען ליידיג, ווי נאך א שרפה. שוין צעהן טעג, אז גאנצע יענטע איז אין קלייט נישט געווען און חיים חייקעל האט קיין העלפט נישט געלייזט און די לעצטע צוויי טעג איז פאר שמחה די קלייט אינגאנצען געווען פערמאכט — און דא איז מען געווארען נייע בעלי חובות! דעם טשיטשילניקער וואכענגעבער, אין קלייט, וואו מען האט זיך א ביסעל צוגעקליידט, דעם שניידער, דעם שוסטער א. א. וו.

דעם גאנצען טאג זענען זיי געשלאפען און די נאכט האבען זיי פערבראכט טרויעריג.

אויף מארגען האבען זיך די קינדער אויפגעכאפט פריהער, ווי אלע טאג און הונגעריגער ווי תמיד. גאנצע צעהן טעג האבען זיי זיך געהארעוועט נאר מיט האלבע גלעזער מילך, איצט האבען זיי אנגעהויבען פאדערן זייערע שטענדיגע פארציעס — גאנצע גלעזער.

— נו, אלץ ווערט, אבי דער פעטער איז געוועזען ביי אונז — האט געגעבענדיל מיט חייקלען דעם טאג גערעדט — און איך זאג דיר, אז עס איז דאך א גרויס פיינקייט פון איהם, וואס ער האט אונז נישט פערגעסען און זיך אבגעשטעלט ביי אונז.

פון דער צייט אן, זינט דער פעטער איז געוועזען, איז אוועקגעגאנגען פיעל חדשים, און איין טאג איז נישט אוועקגעגאנגען, זיי זאלען פון דעם פעטער נישט רעדען, פון זיין פיינקייט, פון זיין וואוילקייט און פון זיין גוט הארץ. גאנץ טשיטשילניק און ארום טשיטשילניק האט מען שוין אויך געוואוסט, אז חיים חייקעל האט א רייכען פעטער אין אדעס און ווער האט זיך דאס גאר געקענט ריכטען אויף חיים חייקלען — זיין פעטער איז צוגעפאהרען צו איהם אין א קארעטע מיט פיער פערד און דער קוטשער איז געגאנגען אנגעטאן מיט א ברייטען גארטעל און מיט א ברייטער באָרד, ווי א קאצאפ!

* *

*

בײַ אַנ׳אָרעמאַן איז געװנג אײַן זײַטיגע הוצאה, װערט שױן אַזאַ לאָך אין קעשענע, אַז ער קען זי אין פיעל יאָהרען ניט פערנעהען. דאַכט זיך אַ קלײניגקײט: בײַ חיים חײַקלען האָט זײַן רײַכער פעטער אײן מיטאָג געגעסען — און נישט קוקענדיג דערויף װאָס פון דער צײַט אָן איז שױן אַװעקגעגאַנגען מעהר װי אַ יאָהר, האָט עס נאָך חײַקעל גוט צו פיהלען. פון די חובות, װאָס ער האָט זיך אין יענע גליקליכע צעהן טעג פערשולדיגט, איז ער נאָך אַפילו מיט אײן פוס נישט אַרױסגעקראָכען און דערצו איז די פרנסה היינטיגע צײַטען נאָך ערגער געװאָרען. מיט אײן װאָרט: װאָס װײַטער און װײַטער האָט זיך חיים חײַקלען אָנגעהױבען שװערער צו לעבען, און װי ער איז פון דער נאַטור געװען שטאָלץ און האָט פײַנט געהאַט זיך קלאָגען אויף זײַן לאַגע, האָט ער איצט צו ביסלעכװײַז יעדען אָנגעהױבען אַרױסזאָגען פון זײַן שלעכטער לאַגע און אַלע האָבען איהם געענטפערט:

— דו, חיים חײַקעל, זאָלסט זיך נאָך קלאָגען? גיב אונז גאָט, מיר זאָלען האָבען אַזאַ רײַכען פעטער װי דו, װאָלטען מיר שױן גאָרניט געזאָרגט. אױ! אױ! דו װײסט ניט װי מען זאָגט: „נעבען אַ שװערער פוהר איז גוט צו פוס צו געהן”.

— װאָס האָב איך דערפון, װאָס מײַן פעטער איז רײַך און װאָס קומט מיר אַרױס דערפון?

— װאָס הײסט, װאָס? דו, דו דאַרפסט זיך װאַלגערן אין טשיטשילניק? מילא מיר — װאָס קענען מיר טאָן? אָבער דו — פאָהר, ברודער, קײן אַדעס, ער װעט דיר דאָרט געבען אַ שטעלע.

— קײן אַדעס? פּלוצים אויף דער עלטער זיך שלעפּען מיט דער פאַמיליע קײן אַדעס?

— נו, װעט ער דיר געפינען אַ שטעלע אין זײַן נײַער אימעניע, װאָס ער האָט געקױפט אין פאָדאָליער גובערניע, צי איך װײס גאָרניט װאו, ער װעט שױן געפינען פאַר דיר אַ שטיקעל אָרט, ער האָט אויף דער װעלט גענוג געשעפטען, זאָרג זיך נישט פאַר איהם, מיר האָבען איהם שױן פערזאָרגט. הלואי אויף אונז האָטש אַ צעהנטיל געזאָגט געװאָרען!

געלע יענטע האָט זיך מיט הענד און מיט פיס אָנגעחאַפּט אָן

דעם רייכען פעטער און אנגעהויבען שטארק איינ'טענה'ען מיט חיים חייקלען, ער זאל פאלגען, וואס גוטע פריינד זאגען און זאל פאהרען צום פעטער.

— און, באמת, ביז וואנען וועלען מיר אזוי פערשווארצט ווערען? פאהר, חלעבען!

— וואס וועל איך טהון ביי איהם און וואס וועל איך בעטען? איך בין נישט קיין שלעפער.

— דארפסט איהם גארנישט בעטען, ער וועט דיר אליין געבען א שטעלע, און אז אפילו ניט קיין שטעלע וועט ער דיר הייסען געבען סחורה אויף קרעדיט, וועט אונז שוין אויך זיין גוט, וואלטען אלע טשי־טשילניקער קרעמערם ביי אונז געקויפט. און וואס האסט דו אזוי מורא פאהרען צו איהם? געדענקסטו, ווי ער האט זיך ביי אונז אבגעשטעלט און מיטאג געגעסען? געדענקסטו, חיים חייקעל, ווי פאר דעם אוועק־פאהרען האט ער געקושט אונזער יענקעלע'ן און געזאגט, אז ער איז א שען קינד. חלעבען, ער וועט צופרידען זיין, ווען דו וועסט קומען צו איהם און וועסט א קלייניגקייט פון איהם פערלאנגען.

חיים חייקעל האט געזעהן, אז זיין ווייב איז גערעכט און ער האט זיך אנגעהויבען קלייבען אין וועג אריין. אויף הוצאות האט ער קיין סך ניט בעדארפט האבען, ערשטענס, האט ער טאקע נישט געהאט, און צווייטענס, וואס טויג איהם אבנעהמען איבעריג געלד? ער דארף גאר דערציהען ביז קיין אדעס, און דארטען — דארט האט ער דאך א רייכען פעטער.

חיים חייקעל איז מיט מזל אוועקגעפאהרען און גאנץ טשיטשיל־ניק האט איהם שטארק מקנא געווען.

— ווי גיט אונז גאט אזא רייכען פעטער! — האט יערער ביי זיך געטראכט.

---

ז

אין אדעם אויף דעריבאסאווסקער גאס ביי א שען גרוים הויז, געבען א ברייטען פאדיעזד, שטעהט אונזער חיים חייקעל אהן א היטעל פאר דעם שווייצאר. וואס דארפסטו ווייטער דא?

— דער הערר פון דעם הויז איז מײַן פעטער, לאָז מיך אַרײַן צו איהם.

— אזא זשיד ווי דו?

חיים חײַקעל נעהמט אַרויס אַ מטבע פון דער טיִעפעניש פון זײַן קעשענע און בעט דעם שווײַצאַר, ער זאָל נעהן דעם הערן זאָגען, אַז זײַן פּלימעניק חיים חײַקעל איז געקומען צו פאָהרען. דער שווײַצאַר האָט צוגענומען די צוואַנציג קאָפּ' און איז אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ.

— „הכסף יענה את הכל", אַ טײַער וואָרט, חלעבען, האָט דער חכם געזאָגט, אַ פערציגער עפּענט אַלע טהירען. פאַרוואָס האָב איך דעם שכל נישט געהאַט אַײַער-נעכטען? וואָלט איך דאָך פערשפּאָרט צוויי טעג זיך וואַלגערן אין אַדעס און הונגערן.

חיים חײַקעל האָט איצט ערוואַרטעט: אָט באַלד, באַלד, וועט אַראָב דער פעטער מיט דער מוהמען און די קינדער, און מיט גרויס פרייד אַרויפפיהרען דעם פּלימעניק, און דער בעזער שווײַצאַר וועט איצט פאַר חיים חײַקלע'ן שטעהן אָהן אַ היטעל. אויף מאָרגען וועט ער איהם געבען די שטיוועל פוצען און זאָל דער שלעכטער שווײַצאַר, דער שונא ישראל, וויסען, וואָס הײַסט פוצען זשידאָווסקי שטיוועל.

נאָר דער שווײַצאַר איז אַראָבגעקומען בעז און שטאָלץ, ווי פריִ־ הער, און האָט איהם איבערגעגעבען, אַז זײַן גאָספּאָדין האָט געלאַכט פון איהם און געזאָגט, אַז ער קען נישט קײַן חיים חײַקלע'ן.

— אי, אי, האָט חײַקעל זיך אַ חאַפּ געטאָן מיט פײַער, לויף גיך און זאָג איהם, אַז חיים חײַקעל פון משיטשילניק. מײַן מאַמע מיט איהם זענען געװען שוועסטער און ברידער.

— מעהר וועל איך איצט נישט געהן, ער נעהמט איצט קײנעם נישט אויף, ער איז פערנומען.

— אָבער איך זאָג דיר, דו זאָלסט באַלד געהן! איך דאַרף איהם נויטיג זעהן. — נאָר דער שווײַצאַר האָט איהם געזאָגט, מאָרגען זאָל ער קומען אויף פאַר זײַן נאָז פערמאַכט די טיהר.

חיים חײַקעל איז ווײַטער געבליבען שטעהן אויף דער גאַס און מיט גרויס פערדראָס אָנגעהויבען אָוועקצוגעהן.

— אַ גליק, אַ גרויס גליק וואָס על פּי נס איז מיר פון וועג נאָך געבליבען אײַן רובל אין קעשענע, ווען נישט וואָלט איך שוין געוויס אין די דרײַ טעג, וואָס איך וואַלגער זיך דאָ, געשטאָרבען פאַר הונגער

אָדער חס ושלום אין די הײזער ברויט געבעטען.

חײקעל האָט נאָך הײנט אין מויל נישט געהאַט, אויף דער אַלמנא, װען מען האָט איהם דערלאַנגט טהײ, האָט ער געענטפערט, ער װעט הײנט טרינקען טהײ בײם פעטער.

דאָס הארץ האָט איהם אָנגעהױבען שטאַרק קלאַפּען, ער האָט אַראָבגעלאָזט די האַנד אין דער טיפער קעשענע און אַרױסגענומען אַ זשמעניע מיט בּרעקלאַך פון שבת׳דיגען קױלעטש, פון שװאַרץ־ברויט, שטיקלאַך צוקער מיט עטליכע קערענדלאַך טהײ און צװײ צובראָכענע שװעבעלעך אָהן קעפּלאַך. צװישען דעם מיסט האָט ער געפונען דרײסיג קאָפּיקעס.

— עס װאָלט אַ יושר געװען — האָט ער צו זיך געזאָגט — איך זאָל איצט אַרײנגעהן אין אַ רעסטאָראַן און זיך הײסען געבען אַ ביסעל בראָנפען מיט אַ שטיקעל פלײש פאַר די דרײסיג קאָפּיקעס. שױן עטליכע טעג, אַז מײנע ליפּען האָבען זיך נישט אָנגערירט אָן פלײש, אױ, מײן גאַלע יענטע זאָל דאָס װיסען! נאָר װאָס װעל איך מאָרגען נעהמען צװאַנציג קאָפּיקעס פאַר דעם שװײצאַר? אָט אַן׳אומגליק אין די גרויסע שטעדט! בײ אונז אין טשיטשילניק, װער עס זאָל נישט דאַרפען אַרײנקומען צום גרעסטען גביר, נעהמט מען אָן בײ דער קליאַמקע פון טהיר און מען געהט אַרײן. נישטאָ קײן „דאָלאָזשען" מיט שװײצאַרען, חאַבאַרניקעס, װאָס מען דאַרף זײ אױסקײגעבען די לעצטע קאָפּיקע, װאָס בײ דער נשמה.

ער האָט די צװאַנציג קאָפּיקעס צוריק אַראָבגעלאָזט אין קעשענע און פאַר די צעהן קאָפּיקעס האָט ער געקױפט אַ האַלבען „גרעק" (אַזױ הײסט אַדעסער ברויט) מיט אַ שטיקעל געקאָכטען לעבער און זעקס גראָשען נאָך איבערגעלאָזט אױף װעטשערע.

---

אױף מאָרגען איז חײקעל װײטער געשטאַנען נעבען נעכטיגע ברײטען פּאָדיעזד, אײנגעהױקערט אין דרײען, אָהן אַ היטעל פאַר דעם שװײצאַר, און פריהער, אײדער ער האָט נאָך מיט איהם אַ װאָרט גערעדט, האָט ער איהם שױן אַרײנגערוקט זײנע לעצטע צװאַנציג קאָפּיקעס. דער שװײצאַר איז אַרױסגעגאַנגען און חיים חײקעל האָט איהם באַלגעשריגען:

— חיים חײקעל פון טשיטשילניק, פערגעס ניט!

דער שוויצאר האט זיך אומגעקעהרט און איהם געהייסען אויפ־געהן.

ווי א משוגע'נער, איז חיים חייקעל פון גרויס שמחה ארויפגעלאָפען און זיך געחאפּט דעם פּעטער אריינגרוקען א הייסען, ברייטען „שלום עליכם".

נאָר דער פעטער איז געשטאנען קאלט, ווי אייז.

— וואס וועט איהר עפּעס זאָגען?

— סטייטש, פּעטער, וואס מאַכט איהר? איהר האט מיך גאָר־נישט דערקענט? איהר געדענקט פאר א יאָהרען, ווען איהר זענט דורכ־געפאָהרען טשוטשילניק, האט איהר מיך בעהערט...

— א, חיים חייקעל! וואס מאכסטו, ווי קומסטו קיין אדעס? זעץ זיך.

— אט ווי איהר זעהט מיך, בין איך אין אדעס. איך וואלגער זיך שוין דא דריי טעג, אייער שוויצאר — א גרויסער שונא ישראל — האט מיך נישט געוואָלט אריינלאָזען. חלעבען, איך פערשטעה נישט, פּעטער, ווי האלט עס א יוד אזא שונא ישראל.

— ער איז שוין ביי מיר א יאָהר צעהן. א גאַנץ געטרייער און עהרליכער מענש.

— מ מ מ... עהרליך... שען עהרליך... האט חייקעל גע־טראכט ביי זיך, דערמאָנענדיג זיך, ווי ער האט ביי איהם געראבעוועט די צוואנציגער קאפּיקעס.

— נו, וואס שווייגסטו, חייקעל? וואס הערט זיך עפּעס נייעס ביי אייך אין טשוטשילניק?

— עט, אט הערט זיך. וואס זאל זיך הערען ביי אונז? א דאנק גאָט, וואס מען זעהט זיך געזונטערהייד.

— וואס מאכט דיין ווייב און קינדער? האסט, דאכט זיך, קינדער אויך?

— חא, חא, א שאלה א ביסעל! איהר געדענקט דאך מיין יענ־קעלע'ן, וואס פאר א פארשוין ער איז.

— נו, און דו פאָהרסט שוין טאקע באלד אהיים? גריס דיין פרוי.

דער פּעטער וויל איהם געבען די האַנד אויף געזעגענען זיך.

— ניין, איך פאָהר נאָך נישט, פּעטער.

— נו, קום צו געהן, ווען דו האסט צייט — האט דער פּעטער

געזאָגט און געזעגענט זיך מיט איהם.

אוועקגעהענדיג, איז חיים חייקעל זעהר נישט געוועזען צופרידען מיט דעם פעטערס אויפנעהמען.

— סטייטש! — האָט ער זיך געוואונדערט — אפילו די מוהמע איז נישט אריינגעקומען, זייערע קינדער נישט געזעהען, אפילו אויף איין מיטאָג נישט געהייסען קומען, קיין גלאָז טהיי אפילו נישט דערלאַנגט; נאָר מיר וועלען נאָך זעהען, וואָס וועט זיין דער סוף, מען קען גאָר נישט וויסען — האָט זיך חייקעל געטראַכט און דערווייל אוועקגעגאַנגען אויף זיין אכסניא.

אויף דער נאַכט איז זיך חיים חייקעל אביסעל דורכגעגאַנגען צום פעטער. אויף דער נאַכט, האָט ער זיך געטראַכט, איז דער פעטער מיט דער מוהמען נישט אַזוי פערנומען. דעם גאַנצען טאָג האָבען זיי פיעל געשעפטען, אָבער אויף דער נאַכט —

ער האָט שוין גאָרנישט געפרעגט דעם שווייצאַר און דורך דער טהיר דורכגעלאָפען אויף די טרעפּ. דער שווייצאַר האָט איהם אַפילו נאָכגעשריגען, אָבער ער האָט איהם נישט געהערט. ביי דער צווייטער טיהר האָט איהם דער לאָקיי באין אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזען. ער האָט זיך קוים דערבעטען, מען זאָל „דאָלאָזשען" און דער לאָקיי האָט איהם געבראַכט אַנ'ענטפער: דער פעטער האָט געזאָגט, אַז איצט געפינען זיך ביי איהם געסט, ער זאָל קומען מאָרגען.

— פאַר פרעמדע מענשען שעמט מען זיך מיט אַ קרוב, זיי זענען געסט און איך בין נישט קיין געסט? — האָט ער זיך געפרעגט מיט פערדראָס.

אויף מאָרגען האָט ער איהם נישט געטראָפען צו הויז, אויף איבערמאָרגען האָט איהם דער שווייצאַר נישט געוואָלט אַריינלאָזען, ווייל מען עסט מיטאָג, און צו מיטאָג נעהמט דער העֶרר קיינמאָל נישט אויף, האָט דער שווייצאַר געזאָגט.

ערשט אין פיער טעג אַרום האָט ער זיך קוים דערשלאָגען צום פעטער.

— נו, וואָס מאַכסטו, חייקעל? ביסט נאָך אין אַדעס? ווען פאָהרסטו? דו רעכענסט זיך נאָך דאָ צו פערזוימען?

— דאָס איז געווענדט אָן אייך, פעטער... האָט חייקעל קוים אויסגערעדט.

—אָן מיר—וואָס איז? פון מיינעטוועגען קענסטו שוין פאָהרען.

— איך בין געקומען צו אייך ... די צייט איז שלעכט ...

דער פעטער האט ארויסגענומען פינף-און-צוואנציג רובל און איהם געגעבען, נאר חייקעל האט ניט גענומען.

— נעהם, שעם זיך ניט — און פאהר אהיים.

— ניט קיין געלד, ניט קיין נדבה פערלאנג איך פון אייך, נאר א שטיקעל פרנסה פאר מיין ווייב און קינדער, א שטיקעל שטעלע אין אייערע געשעפטען.

— אין מיינע געשעפטען איז נישטא קיין ליידיגע שטעלע.

— וואס-זשע זאל איך טאן, פעטער? גיט מיר אן עצה.

— נעהם די עטליכע רובל און פאהר אהיים, מעהר קען איך דיר גארנישט טאן, איך האב איצט קיין צייט ניט, עס ווארטען אויף מיר מענשען.

דער פעטער איז אוועקגעגאנגען און איבערגעלאזט אויף דעם טיש די פינף-און-צוואנציג רובל.

חיים חייקעל איז עטליכע מינוט געשטאנען און געקוקט אויף דעם געלד. זאל ער עס נעהמען אדער ניט? נאר ער האט זיך בעטראכט, אז אהן דעם געלד וועט ער קיינמאל ניט קענען קומען צו זיין ווייב און קינדער, ער האט צוגענומען און מיט א צובראכען הארץ אוועקגע-גאנגען מיט דעם געדאנק, ער זאל נאך היינט אוועקפאהרען.

נאר אויף דער אלסניא האט זיך איהם אנגעהויבען פארשטעלען זיין שלעכטע לאגע אין דער היים מיט אלע טרויעריגע פאלען, און וואס וועט ער מאכען מיט פינף-און-צוואנציג רובל, אז ביז ער וועט קומען אהיים וועט ביי איהם אוועקגעהן צעהן אדער פופצעהן רובל און ווי-באלד ער פאהרט איצט אוועק פון אדעס, איז אלעס פערפאלען!...

— איך וועל נאך בלייבען אויף א טאג, זיך זעהען נאך איין מאל מיט דעם פעטער, טאמער וועט ער זיך פארט מרחם זיין אויף מיר — האט ער זיך גערעשעט נאך פיעל טראכטען.

צוויי טעג זענען אוועקגעגאנגען און ער האט זיך צום פעטער ניט געקאנט דערשלאגען, און חאטש דער שווייצאר האט גענומען צוואנציג קאפיקעס, האט עס דאך ניט געהאלפען. דא האט דער פע-טער געגעסען מיטאג, דא געשלאפען, דא געסט געהאט און דא איז ער צו הויז ניט געוועזען.

אויף דעם דריטען טאג זיך ארומדרעהענדיג אויף דער גאס, האט חייקעל'ן א גליק געטראפען: ער האט פלוצים דערזעהען פאהרען זיין

פעטער אין אַ קאַרעטע מיט אַ דאַמע, און טאַקע מיט דעם אייגענעם ברייטען קוטשער וואָס זיין געלע־יענטע האָט געהאָרעוועט אין טשיטשילניק מיט מילכיגע קנישעס. ער האָט זיך אַזוי דערפרעהט מיט די בעקאַנטע מענשען אין דער פרעמדער שטאָדט, וואו ער איז אַזוי עלענד, אַז ער האָט פון גרויס שמחה אָנגעהויבען נאָכלויפען מיט אַ קול: פעטער! פעטער! — דער פעטער האָט זיך אומגעקוקט און די קאַרעטע האָט שטאַרקער אָנגעהויבען קלאַפּען איבער די שטיינער. און חייקעל האָט אין צוויי מינוט אינגאַנצען פערלוירען דעם פעטער מיט זיין בעקאַנטען קוטשער.

חייקעל האָט אַפילו באַלד פערשטאַנען, אַז עס איז נישט שען נאָכצולויפען אין מיטען גאַס, נאָר ער האָט זיך אין דער פרעמדער שטאָדט אַזוי געפיהלט עלענד און דערשלאָגען, אַז ער וואָלט, דאַכט זיך, אַ בעקאַנטען הונד אויך נאָכגעלאָפען, ובפרט נאָך אַן אייגענעם פעטער — אייגען בלוט און פלייש...

— אַז איך בין שוין יאָ דאָ געבליבען אויף דריי טעג, זיך געשוואַרצט דאָס פנים, מוז איך נאָך איין מאָל זעהען דעם פעטער, וואָס האָב איך אָנצעוועדען? ערגער קען שוין נישט זיין. קיין גוטס קען איך שוין נישט ערוואַרטען, אַי, צו־וואָס־זשע דאַרף איך נאָך געהן צו איהם? נאָר לאָז מיר דערנאָך נישט באַנג טאָן... האָט חייקעל געזאָגט, פונקט ווי איינער געהט רופען אַ דאָקטאָר צו אַ קראַנקען, וואָס ער איז זיכער אַז היינט מאָרגען מוז ער שטאַרבען, נאָר וואָס רופט מען נאָך דעם דאָקטאָר? — עס זאָל דערנאָך נישט באַנג טאָן, זאָל מען נישט זאָגען, אַז מען האָט גאָרנישט געטאָן.

ענדליך האָט זיך חייקעל דערשלאָגען צום פעטער.

— נאָך ביסטו דאָ? און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין לאַנג אַוועקפאָהרען!

— איהר האָט דאָך מיך נעכטען געזעהען אויף דער גאַס, ווען איהר זענט געפאָהרען אין דער קאַרעטע.

— דאָס ביסטו טאַקע געווען? און איך האָב זיך זעלבסט נישט געגלויבט, אַז דו זאָלסט ווי אַ משוגע'נער נאָכלויפען אויף דער גאַס.

— זייט מיר מוחל, פעטער! חלעבען איך בין נישט שולדיג, איך געפין זיך שוין אַזאַ לאַנגע צייט אין אַ פרעמדער שטאָדט, וואו איך האָב נישט איין בעקאַנטען, איין גוטען פריינד, מיט וועלכען איך זאָל קענען אַ וואָרט רעדען, אַזוי עלענד, עלענד ווי אַ שטיין! נו, אַז איך האָב

אײַך פּלוצים דערזעהען מיט אײַער קוטשער אויף דער גאַס, האָב איך זיך אַזוי דערפרעהט, אַז איך האָב זיך אַליין פערגעסען און נאָכגעלאָפען.

— נו, נו, גענוג, פאָהר שוין אַהײם, עס איז שוין צײַט.

— וואָס וועל איך טאָן אין דער הײם?

— וואָס וועסטו זיך אַרומדרעהען אין אַדעם? דו וועסט דאָ משוגע ווערען. מען וועט דיך אַרײַנזעצען אין סומאַשעדשי דאָם, הײַנט לויפסטו מיר נאָך און מאָרגען אַן'אַנדערן, און פּלוצים שטעלסטו זיך גאָר שלאָגען אויף דער גאַס מיט מײַן שווייצאַר.

— פּעטער! אײַער שווייצאַר איז אַ שונא ישראל, ער קען אַ יודען נישט אָנזעהען!

— נו, פאָהר שוין אַהײם, פאָהר געזונד און נעהם זיך דאָרט צו דײַנע פאָריגע געשעפטען, דײַן ווײַב און קינדער בענקען נאָך דיר.

— איך פאָהר שוין, איך פאָהר שוין, פּעטער.

— גוט גוט, אַזוי איז דאָס גלײַכסטע, דו ביסט דאָך נישט קײן יונגעלע, ביסט דאָך אַ מענש מיט שכל און פערשטעהסט אַליין, אַז אין אַדעם זיך וואַלגערן איז נישט קײן פּלאַן. פאָהר בעסער אַהײם, כל־זמן עס איז נאָך בײַ דיר נישט אַוועקגעגאַנגען די עטליכע רובל, וואָס איך האָב דיר געגעבען.

חאָטש חײַקעל האָט שוין געוואָלט אַוועקפאָהרען, נאָר דאָס, וואָס דער פּעטער איז פּלוצים געוואָרען גוט צו איהם און זיך געלאָזט רעדען, איז איהם אָבגעגאַנגען דער כעס אויף דעם פּעטער און עס האָט זיך עפּעס גלאַט אַזוי נישט געגלוסט אויף שטענדיג זיך צו שיידען מיט איהם, חײַקעל איז פרעהליך געוואָרען און פאַר גרויס שמחה אָנגעהויבען רעדען, וואָס עס איז איהם נאָר אײַנגעפאַלען, נישט בעטראַכטענדיג אפילו, וואָס ער רעדט.

— זײַט געזונד, פּעטער, זײַט געזונד!... נאָר איך האָב צו אײַך אַ בקשה.

— וואָס?

— איהר געדענקט דאָך מײַן יענקעלע'ן, וואָס פאַר אַ שײן קינד עס איז... קומען צו פאָהרען און איהם גאָרנישט ברענגען פון פּעטער... זאָל אַ קינד האָבען וואָס צו געדענקען...

דער פּעטער האָט אַ קלונג געטאָן. עס איז אַרײַנגעקומען אַ שטובמיידעל, ער האָט איהר עפּעס געזאָגט אויף דײַטש און זי האָט אַרײַנגעטראָגען אַ פּעקעל מיט קינדערשע אָבגעטראָגענע קליידער.

— נא דיר דאס פעקעל, האט דער פעטער געזאגט, דא װעסטו האבען פאר אלע דיינע קינדער.

חײקעל איז אונטערגעשפרונגען פאר פרייד.

— הונדערט-און-צװאנציג יאהר זאלט איהר לעבען! איהר זאלט האבען פיעל נחת פון אייערע קינדער און זאלט שטענדיג זיין א גרויסער גביר, איהר זאלט קענען העלפען אלע יודען! זייט געזונד, פעטער!

— פאהר געזונד,— גריס דיין װייב און קינדער.

— זייט געזונד פעטער, און זייט שטענדיג גליקליך און רייך!

— פאהר געזונד, האט איהם דער פעטער בעגלייט ביז אין דער טהיר, און דער שװייצאר האט אליין געזעהען װי זיין העררר האט חײקעל'ן דערלאנגט די האנד און חײקעל'ן איז צוגעקומען א שטיק געזונד, קוקענדיג װי דער שװייצאר זעהט דאס אלץ.

פון יענער זייט טהיר מיט דעם פעקעל אונטער'ן ארעם האט זיך חײקעל אומגעקוקט צום שװייצאר, װי איינער זאגט:

— א, שונא ישראל! האסט א גוטע מפלה, אזא פינסטערן סוף זאלען האבען אלע, װאס האבען פיינד יודען.

---

חײקעל'ס צו-װינשעװען האט אויף דעם פעטער געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק און, זיצענדיג אזוי אויף דער װייכער זאפע אין דעם גרויסען זאל, האט זיך איהם זיין פעט הארץ געשמאלצען פון פערגעניגען, און ער האט זיך פערטראכט װעגען זיין ארימען פלימעניק.

װאס פאר אנ'עהרליכע, גוטע און אונשולדיגע זענען די קליינשטעדטילדיגע מענשען! איך פיהל, װי ער האט מיר געװאונשען מיט דעם גאנצען הארצען, פראסט, אהן חכמות, נישט װי די גרויסשטעדטילדיגע, װאס מען קושט זיך אין די פיסקעלעך און אין הארצען געפינען זיך צװאנציג רוחות. נישט מיט דעם מויל, נאר מיט דעם גאנצען הארצען האט ער מיר געװאונשען, אז איך זאל האבען פיעל נחת אן מיינע קינדער, איך זאל זיין א גביר, איך זאל קענען העלפען אלע יודען—העלפען דעם כלל ישראל — װי שען דאס איז.

נאר אין עטליכע מינוט האט ער װייטער אויף שטענדיג, אויף אייביג פערגעסען אן חיים חײקעל'ן און צו האט ער גאר ערגעץ אנ'ארימען פלימעניק מיט א װייב און קינדער, און װייטער אנגעהויבען טראכטען פון זיינע געשעפטען: װעגען דער נייער אימעניע, װאס ער האט

באר־א־יאָהרען געקויפט ביי׳ם פאן זארעצקי, וועגען דער נייער פאראָוועך טיהל, וואס ער האט היינטיגס יאָהר אויסגעבויט און וויל זי די טעג „דורכלאָזען״, וועגען די נייע פאר פערד, וואס ער האט בעקומען א מתנה פון זיינעם א בעקאנטען פאמעשטשיק.

וויטער האט דער פעטער געטראכט: אז דאס פרייליין מאריא איוואַנאָוונא וועט ער הייסען, זי זאל גאר קיין מורא נישט האבען און בלייבען דעם גאנצען ווינטער אין אדעס, אי, זיין ווייב געפעלט עם נישט? ווי זי וויל זיך! וויטער האט דער פעטער געטראכט: אז מען דארף עפעס מאכען נייע אָרדנונגען אין דער שוהל, לאז מען זעהען, וואס אזא גבאי ווי ער, קען אויפטאן. וויטער האט דער פעטער געטראכט: אז זיין באָרים׳ן וועט ער אויף א גאנץ יאהר אוועקשיקען קיין אויסלאנד וועגען די געשעפטען, זאל ער דארט שארלאטאנעווען וויפיעל ער וויל. אבי ער זאל נישט איבערליגען די גאנצע צייט ביי מאריא איוואנאָוונא, און ווען ער קומט טרעפט ער באָרים׳ן. וויטער האט דער פעטער געטראכט: עס איז שוין צייט צו טראכטען וועגען פאטשאָטנע גראזשדאנסטווא. עס איז שוין לאנג צייט געוועזן זיך דאס אין זינען צו נעהמען. און פון נאך פיעל זאכען האט דער פעטער געטראכט, זיצענדיג אויף דער ווייכער סאפע אין דעם גרויסען זאל.

---

פרעהליך און לעבעדיג איז חייקעל ארויסגעפאהרען פון אדעס און זיך געזעצט מיט א גרויסען זאק אין א ווינקעל פון וואגאן, דריטע קלאס. א גאנצע שעה האט אזוי חייקלע׳ן פרעהליך געפייפט די מאשין און די רעדער צוגעקלאפט צום טאקט. נאר דערנאך האט ער זיך צו ביסלעכווייז אנגעהויבען אַבקיהלען, די מחשבות האבען זיך ביי איהם איבערגעביטען און די רעדער מיט דער מאשין האבען איהם אנגעהויבען קלאפען אנ׳אנדער ניגון.

— וואס? — האט ער זיך פלוצים אנגעהויבען פרעגען, פונקט ווי איינער, וואס חאפט זיך אויף פון שלאף און ווייסט נישט וואו ער איז אין דער וועלט — וואס? וואס האב איך געטאן?!

ער האט עטליכע מינוט געקוקט אויף דעם זאק מיט אזעלכע אויגען, פונקט ווי דארט זאל זיך געפינען גאט ווייסט וואס פאר א טרפה סחורה.

— וואס האב איך געטאן? ער האט מיך אזוי בעליידיגט! וואס

פאַר אַ גאַסט איז ער געווען בײַ מיר ? און ווי האָט ער מיך אויפגענו־מען ? אפילו צו אײַן מיטאָג נישט געבעטען , אפילו די מוהמע מיט די קינדער מיר נישט געוויזען . ווען געסט זענען דאָ, שעמט מען זיך מיט מיר ; ער האָט מיך געבראַכט דערצו, אַז איך בין ווי אַ משוגענער אין גאַס איהם נאָכגעלאָפען . . . און איך האָב נאָך בײַ איהם גענומען אַ נדבה פינף־און־צוואַנציג רובל , מיט מתנות פאַר די קינדער ! אוי, איך זאָל איצט האָבען פינף־און־צוואַנציג רובל איהם אָבצושיקען ! נאָר ווער איז שולדיג אין דעם , אַז נישט איך אַליין ? איך , קבצן ! ווײַבאלד ער האָט נאָר מיט מיר עטליכע גוטע ווערטער גערעדט, כדי ער זאָל מיך גוט פטר'ן , האָב איך איהם שוין אינגאַנצען מוחל געווען , נאָך געבעטען אַ מתנה פאַר דעם קינד, און אַז ער האָט געגעבען די מתנה, האָב איך זיך אַזוי דערפרעהט , איהם אַזוי פיעל אָנגעוואונשען ווי גלײַך קײַן בעסערער מענש , קײַן בעסערער בעל־צדקה געפינט זיך גאָרנישט אויף דער וועלט , ווי מײַן פעטער , און ער זיך צוגאַנגען קוקענדיג , ווי איך האַלט איהם פאַר אַזאַ גוטען מענשען . אַזוי איז שוין דעם גבירים מזל און אַזוי איז שוין שטענדיג מיט דעם קבצן , מיט אַביסעל מיסט און מיט אַ גוט וואָרט קויפען די גבירים אוועק די גאַנצע וועלט קבצנים , און זײַ צוטראָגען דעם גביר'ס גוטסקײַט איבער דער גאַנצער וועלט .

— אַ מצוה אויף מיר , אַ מצוה ! — האָט ער ווײַטער געטראַכט — איך בין אַליין שולדיג . פאַרוואָס , אַז עס קומט קײַן טשיטשילניק דער בערשידער פעטער , זעצט מען זיך גלײַך צום טיש און מען עסט , וואָס מען האָט געקאָכט , באָרשט מיט קאַשע , אָדער קאַשע מיט באָרשט , און וואָס פאַר אַ פאַראַד האָב איך געמאַכט , אַז דער רײַכער פעטער איז געקומען ? ווער האָט עס מיך גענויט דערצו ? האָב איך דען אפילו געטראַכט אַמאָל עפּעס האָבען פון דעם אדעסער מעהר , ווי פון דעם בערשידער פעטער ? פון בײדען גלײַך האָב איך קײנמאָל נישט געבעטען , מען זאָל מיר עפּעס געבען אָדער שענקען . פאַרוואָס־זשע מאַך איך אַזאַ גרויסען אונטערשייד , ווען זײַ קומען קײַן טשיטשילניק ? נאָר אַזוי איז שוין דעם גביר'ס מזל און אַזוי איז שוין דעם קבצנ'ס שלים־מזל . נאָר נײַן ! הונדערט מאָל נײַן ! איך בין אַ קבצן, אָבער נישט קײַן געבוירענער קבצן , מײַן נשמה איז נישט קײַן קבצני'שע . אײדער הנאה האָבען פון אַזאַ רײַכען פעטער, וואָס האָט אומעטום אַ שם פאַר אַ בעל־צדקה , פאַר אַ גרויסען מאַן , אײדער פון אַזאַ פעטער הנאה האָבען , וועל איך בעסער בעטלען ברויט בײַ מײַנע ברידער . . .

און חיים חײַקעל דאָט זיך אומגעקוקט, אויב אימיצער בעמערקט איהם, און פלוצים האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון דעם זאַק דעם רײַכען פעטער'ס פּעקעל מתּנות און אַרויסגעוואָרפען דורך דעם פענסטער...

חײַקלע'ן איז גרינגער געוואָרען אויף דעם האַרצען, ווי גלײַך מיט דעם אַרויסוואַרפען דאָס פּעקעל האָט ער פון זיך אַראָבגעוואָרפען א באַרג פון די פּלײצעס.

— איצט בין איך מעהר נישט קײן קבצן, איך בין ווײַטער א טשיטשילניקער בעל־הבית — האָט ער געזאָגט און א גרינגען זיפץ געטאָן.

---

ווען חיים חײַקעל איז געקומען אהײם און אלע טשיטשילניקער האָבען איהם אָנגעהויבען פרעגען, וואָס הערט זיך מיט זײַן פעטער, צי האָט ער בעקומען אַ שטעלע, קרעדיט אויף סחורה א. א. וו., האָט ער מעהר נישט געענטפערט ווי אײן וואָרט:

— געשטאָרבען!

— ווער געשטאָרבען?

— דער פעטער.

— דער פעטער איז געשטאָרבען?

— געשטאָרבען, געשטאָרבען.

מעהר האָט מען זיך נישט געקענט דערפרעגען בײַ חיים חײַקלע'ן ווי די צוויי ווערטער: „געשטאָרבען, געשטאָרבען".

— ברוך דין אמת — האָבען די טשיטשילניקער געענטפערט.

---

# אַ שטוב.

(ערצעהלונג).

## I.

די שטוב, פון וועלכער איך וויל אייך דערצעהלען, געהער צו אברהם לאַפּצעס. אין שטאָדט איז ער פערדרעכענט צווישען די אַלטע בעלי־בתים; און חאָטש זיין שטוב געהער נישט צו די גרויסאַרטיגע, מען קאָן זאָגען, אַז זי איז אינגאַנצען מעהר נישט ווי אַנ'אַלטע חורבה, פונדעסטוועגען זאָגט ער אַ דעה אין שטאָדט־זאַכען גלייך מיט די בעלי־בתים, וואָס האָבען געמויערטע הייזער אין צוויי גאָרען מיט אייזערנע גאַנקעס. דאַרף מען אויסקלויבען אַ נייעם סטאַראָסטאַ, איז אברהם לאַפּצעס אויך דאָ צווישען די בעלי־בתים; קומט צופאָהרען אַמאָל אין דריי יאָהר דער גובערנאַטאָר, בעגעגענט ער איהם אויך גלייך מיט אַלע בעלי־בתים; דאַרף מען מאַכען אַ נייע סקלאַדקע פון שטאָדט־הוצאות, רופט מען איהם אויך; דאַרף איינער מאַכען אַ „סעמייני־ספּי־סאָק" און האָט קיין מעטריקע נישט און מוז צושטעלען עדות פון אייני־גע בעלי־בתים, אַז דער און דער איז געבוירען געוואָרען פון אַזוינע און אַזוינע עלטערן, — איז אברהם לאַפּצעס אויך אַ בעל־הבית, און זיין חתימה מיט זיין עדות־זאָגען ווערט אָנגענומען.

און אברהם לאַפּצעס ווייסט, אַז ער איז נישט קיין געוועהנליכער מענש, אַז ער איז אַ פערנעהם אין שטאָדט און דאָס אַלץ האָט ער צו פערדאַנקען זיין שטוב, ווייל אַ חוץ איהר פערמאָגט ער גאָרנישט, ער האָט נישט קיין געלד און קיין געשעפטען, פונדעסטוועגען ברוך־השם לעבט ער, נישט צו פערזינדיגען.

די ערשטע צוויי ווייבער זענען ביי איהם, פאַר קיין יודען גע־
דאַכט, געשטאָרבען, און מיט דער דריטער לעבט ער; און יעדעס
מאָל האָט ער דוקא געטאָן פיינע שדוכים, אַליץ אַ דאַנק זיין שטוב,
ווייל יעדער בעל־הבית, וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער אויף צו חתונה
מאַכען, האָט זיך געראָדעוועט אַריינגעבען זיין קינד אין אַ שמאַליץ־גרוב.
אַ מענש, וואָס האָט אַנ'אייגענע שטוב, איז נישט קיין הפקר־מענש,
אמת, נישט קיין גביר, קיין גבירה'שאַפט קאָן מען ביי אַברהם לאָפּ־
צעס נישט האָבען; אָבער אַ שטוב האָט ער, און וואָס וויל דען אַ יודי־
שע טאָכטער מעהר ווי אַנ'אייגען ווינקעל? און אַזוי יעדעס מאָל, ווען
אַברהם לאָפּצעס האָט בעדאַרפט חתונה האָבען, האָבען זיך אָנגעשלאָ־
גען שדוכים צו איהם פון אַלע זייטען.

אָט אַ שט... ער פריינצע, זיין דריטע ווייב, מיט וועלכער ער
לעבט איצט, ביז הונדערט־און־צוואַנציג יאָהר, הערט עד־היום נישט
אויף צו דערצעהלען, ווי אַזוי זי איז אַריינגעפאַלען אין דער שמאַליץ־
גרוב, חאָטש פון יענער צייט איז שוין אַוועק אַ היבש ביסעל יאָהרען.

געוועזען איז פריינצע אַ גרושה, ווי עס מאַכט זיך, יונג חתונה
געהאַט, געפאָהרען אויף קעסט צו שוועהר און שוויגער, זיך אָנגעהוי־
בען קאָלוטשען צווישען פאָר פאָלק; שוועהר און שוויגער, טאַטע־
מאַמע האָבען זיך אַריינגעמישט, און עס איז געוואָרען אַ גט. ווי אַזוי,
פאַרוואָס און פאַר ווען? — דאָס געדענקט זי נישט, נאָר אַ גט איז
געוואָרען און מען האָט איהר אָנגעהויבען רעדען נייע שדוכים. זי האָט
אַפילו קיין דאגה נישט געהאַט מיט אַ שדוך: אַ ווייבעל — בלוט און
מילך. שי"ן קאַרבען נדן, אַ פאָר אוירינגלעך, צוויי פינגערלעך, אַ
האַלב טוץ זילבערנע לעפעל און אויסגעקליידט מלכות'דיג.

מען האָט אָנגעשלאָגען שדוכים פון אַלע זייטען: יונגע־לייטלעך,
עלטערע מענשען. טייל האָבען געוואָלט אַקעגען לעגען נדן ק"ן און די
גאַנצע שי"ן, טייל האָבען אַריינגעלעגט אין נדן וואָס מען איז אַ קרע־
מער, אַ סוחר, אָבער קיין שדוך האָט זיך נישט אַזוי געלעגט אויף דעם
האַרצען, ווי מיט אַברהם לאָפּצעס. אמת, ער האָט שוין געהאַט צוויי
ווייבער און פון ביידע ווייבער זענען געבליבען קינדער, נאָר די ווייבער
זענען ביי איהם געשטאָרבען, און דאָס איז אַ גאָט־זאַך; אמת אויך,
אַז ער איז שוין נישט קיין יונגערמאַנטשיק און איז עלטער פון איהר
מיט אַ יאָהר פופצעהן, אָבער זי איז שוין אויך נישט קיין מיידעלע און

דערצו אַ גרושה, דערפֿאַר אָבער איז ער אַ בעל־הבית מיט אַן אײגענער שטוב.

— דו װעסט דיר באַלד אַ בעל־הבית׳טע און דו װײסט אַז עס איז דײַנס, האָבען איהר דענסטמאָל טאַטע־מאַמע און אַלע אַנדערע צו־גערעדט צום שדוך.

אין אַ קורצער צײַט איז אַברהם לאַפּצעס געקומען צופֿאָהרען אין דער שבת׳דיגער קאַפּאָטע מיט אַן אױסגעקעמטער באָרד. מיט איהם זענען אױך געקומען די שדכנים: מען האָט אָנגעצונדען ליכט, גע־שטעלט לעקעך און בראָנפֿען און מען האָט איהם אָבגעצעהלט ש״ן קאַרבען, דערפֿאַר האָט ער אַרױסגעגעבען אַ שטר־חוב, אַז ברײַנצע האָט אַ חלק אין דער שטוב.

אין אַ קורצער צײַט איז געװעזען די חתונה.

---

## II.

אַברהם לאַפּצעס שטוב האָבען אַלע אין ״״שטאָדט געקענט, װײַל זי איז געװעזען עלטער פֿון אַלע אײַנװאױנער, און קײן אײנציגער האָט זיך אין שטאָדט נישט געפֿונען, װאָס זאָל געדענקען — װער און װען האָט די שטוב געבױט; אַברהם לאַפּצעס אַלײן האָט עס אױך נישט גע־װאוסט, ער האָט זי בעקומען בירושה פֿון זײַן טאַטען, און זײַן טאַטע האָט דאָס הױז אױך געירש׳ענט.

די שטוב איז געשטאַנען אױף דעם סאַמע ברעג פֿון שפּיץ־באַרג, משופּע׳דיג. פֿון אײן זײַט האָט די שטוב געקוקט אױף דעם באַרג אַראָב און אױף דעם טײַך, װאָס האָט זיך געצױגען נישט װײַט פֿון באַרג. אַז מען האָט געקוקט פֿון פֿענסטער אױף דער דאָזיגער זײַט, האָט מען אױך געזעהען העט־װײַט בױמער, פֿעלדער, גױ׳עשע קלײנע שטיבלעך מיט שטרױ געדעקט, װעלכע זענען געװעזען אױסגעשיט אַקעגען אױף דעם צװײטען באַרג.

די צװײטע זײַט שטוב האָט שױן אַרױסגעקוקט אױף אַ גלײַך נאָר שמאָל געסעל, פֿון דעם געסעל האָט זיך געפֿונען אַ טהיר, דורך װעלכער מען איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב.

די זײַט שטוב, װאָס האָט געקוקט אױף דעם באַרג אַראָב, האָט

געהאַט דריי גאָרען: דער מיטעלסטער האָט געהאַט צוויי פענסטער, אין דעם הינטערשטען, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי אַ קעלער, האָט זיך געפונען איין פענסטער, און אין דעם דריטען גאָרען, וואָס איז איבער־געמאַכט געוואָרען פון אַ בוידעם, איז געווען אויך גאָר איין פענסטער.

אין אַלע דריי גאָרען האָט מען געוואוינט.

די זייט שטוב, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען מיט דער טהיר אויף דעם גלייכען שמאָלען געסעל, איז נאָר בעשטאַנען פון איין שטאָק. מען האָט ניט געזעהען קיין בוידעם און נישט קיין קעלער. דער דאַך איז געווען געדעקט מיט אַלטע שינדלען, נאָר אויף אַ סך ערטער האָבען זיך געפונען לאַטעס פון אַלערליי מאַטעריאַל: נייע ברעטלעך, אַלטע בלעך און שטיקלעך טשערעפ. די לאַטעס פלעגט אַברהם לאַפּ־צעס אַליין מאַכען מיט זיינע אייגענע הענד, ווען עס פלעגט אָנהויבען אַריינרינען אויף דעם דריטען שטאָק.

יעדען פאַר פסח, ווען די פריהלינגס־זון פלעגט אָנהויבען צו־שמעלצען דעם שניי אויף די פעלדער און דאָס אייז אויף די טייכען, פלעגט אויך אָנהויבען שמעלצען דער שניי, וואָס פלעגט דעם גאַנצען ווינטער ליגען אויף דעם דאַך פון אַברהם לאַפּצעס שטוב. דענסטמאָל פלעגט ער אַרויסטראָגען פון קאַמער זיין אַלטען־אַלטען, נאָר שטאַרקען לייטער און אַרויפקריכען אויף דעם דאַך מיט אַ גאַנץ קעסטעל בעל־הבית'יש געצייג, וואָס איז בעשטאַנען פון אַלערליי אַלטע צוועקעס, ברעטלעך, בלעכלעך וכדומה, און פלעגט אויסלאַטען זיין דאַך מיט אַ בעזונדער פערגעניגען, ווי אַ מאַמע לאַטעט אוים דאָס מלבוש'ל פון איהר ליעב קינד.

און יעדעס מאָל, ווען ער איז אַראָב פון דאַך, האָט ער געהאַט אַ צובלוטיגטען פינגער וואָס ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן, ווען ער האָט געשלאָגען אַ צוואָק, אָדער מיט אַ בלויען בייל אויף דעם שטערן, וואָס ער פלעגט זיך אָנשלאָגען אָן אַ באַלקען פון דאַך. ער פלעגט זיך אָבער פון דעם אַפילו נישט פערקרימען; מיט פערגעניגען פלעגט ער יעדעס יאָהר מקריב זיין דאָס בלוט פון זיין פינגער פאַר זיין אויסגעלאַ־טעטען דאַך.

בכלל פאַר פסח האָט ער אַזוי פיעל אַרבייט געהאַט אַרום דער שטוב, אַז ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אופּאָרען, און ברייינצע מיט אַלע איהרע קינדער און מיט די קינדער פון די פריהעריגע צוויי ווייבער האָבען איהם געמוזט העלפען דעם גאַנצען טאָג, ביז דער פריהלינג

האָט אינגאַנצען נישט צושמאָלצען דעם שניי מיט דעם אייז פון דער גאַנצער שטאָדט.

די מעשה דערפון איז, וואָס די אַלע ריטשקעס וואָסער און ריטשקעלעך, וואָס לויפען פון דער גאַנצער שטאָדט, האָבען זיך עפּעס ווי צוזאַמענגערעדט דורכצולויפען נאָר אַרום אַברהם לאָפּצעס שטוב.

וויפיעל מאָל האָט ער מיט זיין ווייב און קינדער געמאַכט זיי אַנדערע וועגען און געטענה'ט: וואָס האָט איהר צו מיר, וואָס געפעלט אייך אַזוי מיין שטוב, עס זענען דאָ גענוג אַנדערע וועגען, וואו מען קאָן לויפען אויף גאָט'ס וועלט! נאָר ווי עס איז געקומען דאָס צווייטע מאָל, האָבען די ריטשקעס און די ריטשקעלעך פערגעסען אָן די נייע וועגען, וואָס מען האָט פאַר זיי געמאַכט, און רעש'ענדיג ווי מיט געלעכטער, ווי אויף צוזעצעניש, זענען זיי ווידער מיט שמחה געלאָפען און געשטופּט זיך איינס דאָס אַנדערע געהנטער אַרום אַברהם לאָפּצעס שטוב, און ער מיט דעם ווייב און קינדער האָבען ווידער געמוזט גאַנצע טעג שטעהן מיט זאַסטופּעס, לאָפּעטעס, ברעטלעך, שטעקלעך און זיי אָנווייזען נייע וועגען.

זומער-צייט האָט ער געהאַט נחת פון זיין שטוב, קיין אַרבייט אַרום איהר איז נישט געוועזען אפילו ווען עס האָט געגאָסען אַ שלאַקס-רעגען און דאָס וואַסער פון דער גאַנצער שטאָדט איז געלאָפען אַרום דער שטוב. אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט, עס פלעגט באַלד אָבלויפען און אויסגעטריקענט ווערען, דערויף איז זיך דאָס זומער-לעבּ, און ניט אַלעמאָל טרעפט זיך דאָס אַ שלאַקס-רעגען.

---

# III.

זומער-צייט פאַרנאַכט, ווען די זון פלעגט זיך אָנהויבען זעצען, פלעגט ער אָפט שפּאַצירען אַרום זיין שטוב און אָנקוועלען קוקענדיג אויף איהר, קיין שטוב איז עפּעס ביי איהם אין די אויגען נישט געשטאַנען אַזוי לופטיג, שען, ווי זיינע.

גאַנץ אָפט פלעגט צו איהם צוקומען זעליג קרעטשמער, אַנ'אַלטער שכן, וואָס האָט פון לאַנגע יאָהרען אויך אַ היייזעל אויף דעם שמאָלען געסעל, און זיי פלעגען צוזאַמען שפּאַצירען, און אַברהם לאָפּצעס

האָט שטענדיג ליעב געהאַט צו רעדען פון זײַן שטוב.

— מען בויט דען הײַנטיגע יאָהרען אַזוי הײַזער? פלעגט ער זאָגען: בעטראַכט נאָר וואָס פאַר אַ געהילץ עס ליעגט אין דער שטוב, וואָס פאַר אַ דעמבעס! וואַקסען דען אַזוינע דעמבעס הײַנטיגע יאָהרען אפילו אין די וועלדער? אַז מען דאַרף הײַנטיגע יאָהרען אַ לײַטישען דעמב, מוז מען איהם פיהרען פון אויסלאַנד מיט דער באַהן. ווערזשע קאָן דאָס אויספיהרען, סײַדען אַ פריץ, אָבער ווײַטער, מישטײַנס געזאָגט, פון וואָס מען בויט הײַנט הײַזער: פון עטליכע דינע דריגנגלעך מיט ברעטלעך, מיט קײַ און שפײַ, און אײדער מען קוקט זיך אום, שטעהט שוין אַ הויז! אבי פערקלעפּט מיט לײַהם. נאָר לאַנג קאָן אַזאַ הויז שטעהן? געהט אַוועק אַ פּאָר יאָהר, מוז עפּעס אײַנפאַלען. געהט אַוועק נאָך אַ פאָר יאָהר, מוז דאָס האָלץ צופוילט ווערען. מײַן הויז שטעהט אַזוי פיעל יאָהרען, און גאָרנישט, עס שטעהט ווי אײַזען שטאַרק!...

— פונדעסטוועגען וואָלט נישט געשאַדט, פלעגט זײַן שכן זאָגען, אַרײַנלעגען אין אײַער הויז פרישע עטליכע רובל; מען דאַרף עס צורעכט מאַכען — אײַזען ווערט אויך פון אַלטקײַט איבערגעזשאַווערט.

— וואָס רעדט איהר? ווי לאַנג האָב איך דאָס אַרײַנגעבראָכט ק"ן קערבלעך? ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט ברײַנצע'ן, האָב איך איהרען אַ האַלבען נדן אין דער שטוב פערבויט.

— עס איז שוין אָבער לאַנג אין דעם, מען מוז ווידער אַרײַנבראָקען פריש געלד; דערצו שטעהט אײַער שטוב פונקט אויף דעם שפּיץ בּאַרג, און פון מײַן מויל זאָל נישט אַרויס, קאָן זיך אַמאָל אַנאומגליק טרעפען, עס זאָל זיך נישט אַראָבקאַטשען פון באַרג, מען מוז דאָס אונטערשפּאַרען מיט נײַע דעמבעס...

— וואָס רעדט איהר, וואָס פאַלט אײַך אײַן? איהר האָט דען געזעהען אויף וואָס פאַר אַ דעמבעס מײַן הויז שטעהט? נײַן, קומט און קוקט זײַ אָן! און צום הונדערטסטען מאָל פלעגט ער שלעפּען זײַן שכן אָנקוקען דעם פונדאַמענט, פון וועלכען עס האָט אַרויסגעשטעקט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן אַ שטיק דעמב.

— איהר האָט אין אײַער לעבען געזעהען אַמאָל אַזאַ דעמב? נײַן, זאָגט, איהר האָט געזעהען? און וויפיעל יאָהרען ליעגט אַזוי דער דעמב און פוילט נישט! און ווײסט איהר, פאַרוואָס די דעמבעס פון דעם פונדאַמענט פוילען נישט? ווײַל זײַ האָבען זיך פריהער אַ גאַנץ

יאָהר געוויַיקט אין סמאָלע, אין אַמאָליגער סמאָלע, געדיכטע אמת׳ע סמאָלע, נישט ווי היַינטיגע, וואָס איז געמישט אַ האַלב מיט וואַסער; איף אַזוינע דעמבעס קאָן דאָס הויז שטעהן נאָך גוטע הונדערט יאָהר אָהן אַ שום רעמאָנט. אַנ׳אוצר וואָלט מען היַינטיגע יאָהרען בעדאַרפט בעצאָהלען פאַר די דעמבעס, וואָס אין מיַין שטוב. אַפילו די באַלקענס פון דער סטעליע זענען פון דעמבעס, אַפילו די קראָקוועס פון דאַך זע־נען פון טיַיער האָלץ!

— קען איך דען נישט איַיער הויז? רופט זיך אָב זעליג, הלואי וואָלט היַינטיגע יאָהרען געווען אַזוינע דעמבעס, נאָר דאָס איז דער אומגליק, וואָס אין איַיער הויז געפינט זיך צופיעל שווער האָלץ, אַז דער פונדאַמענט זאָל אַפילו זיַין פון איַיזען, וועט ער נישט קענען אויס־האַלטען, און דערצו שטעהט עס נאָך אויף דעם שפיץ באַרג, די שלעכטע שעה זאָל נישט זיַין... מען מוז אַריַינבראָקען עטליכע רובל אויף רעמאָנט, ר׳ אַברהם! איך בין אויך אַנ׳אַלטער בעל־הבית פון אַ שט־ב, דעריבער וויַיס איך. איך בין איַיער אַנ׳אַלטער שכן, זאָג איך עס איַיך.

איַינמאָל נאָך אַזאַ שמועס, ווען זעליג קרעטשמער איז אַוועקגע־גאַנגען, האָט זיך אַברהם לאָפּצעס פערזאָרגט.

— וואָס וויל ער, איך זאָל פעררי־כטען די שטוב? ערשטענס, וואו זאָל איך נעהמען געלד, און צוויַיטענס, — צו וואָס דאַרף מען עס, אַז די שטוב שטעהט אַזוי שטאַרק ווי איַיזען?

ער איז אַרומגעגאַנגען אַרום דער שטוב און געטאַפּט די ווענד, דעם פונדאַמענט, דערנאָך האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביַי דעם גראָבען שטיק דעמבענעם קלאָץ, וואָס שטעקט אַרויס פון פונדאַמענט, און ער האָט זיך אָנגעהויבען פרעגען: צו וואָס האָבען די, וואָס האָבען אַמאָל געבויט דאָס הויז, איבערגעלאָזט שטעקען אין דער וועלט אַריַין אַזאַ לאַנג שטיק גראָבען דעמב, וואָס ברענגט קיין שום נוצען נישט? אַזאַ שטיק דעמב דאַרף דאָך קאָסטען געלד, פאַרוואָס האָט מען עס נישט אָבגעזעגט?

ער האָט זיך שוין אַמאָל געאַמפּערט וועגען דעם מיט זיַין אַלטען שכן; יענער האָט געדרונגען, אַז געוויס האָט מען גערעכענט וויַיטער בויען, האָט מען עס געלאָזט שטעקען, אָבער איצטער אַז מען בויט נישט, מעג מען דאָס אָבזעגען און עס אויסהיַיצען, אָדער פערקויפען עס אין אַ יאַטקע, עס איז גוט דערויף צו האַקען פליַיש; אַברהם

לאָפּצעס האָט געדרונגען פּערקעהרט, אַז אויף דעם שטיק דעמב האַלט זיך די גאַנצע שטוב, און דעריבער האָט ער עס נישט אָבגעזעגט.

— אַז אַמאָליגע מענשען האָבען עס געלאָזט שטעקען, פלעגט ער זאָגען: מסתמא דאַרף עס שטעקען; זיי זענען געוועזען קליגער פון אונז און האָבען פערשטאַנען מעהר ווי מיר.

און יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך געוואָלט פאַר אימיצען בעריהמען מיט זיין שטוב, פלעגט ער יענעם צופיהרען צו דעם אַרויסשטעקענדיגען קלאָץ און ווייזען, וואָס פאַר אַ דעמבעס עס ליעגען אין זיין שטוב. אויך איצטער, ווען ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דעם קלאָץ, האָט ער זיך בערוהיגט, זאָגענדיג, אַז זיין שטוב קאָן נאָך הונדערט יאָהר שטעהן אָהן שום רעמאָנט.

אויסער זיין אַלטען שכן זעליג קרעטשמער, פלעגט נאָך די פּאָליציי איהם אָפט דערמאָהנען, אַז ער זאָל מאַכען אַ רעכטען רעמאָנט אין זיין שטוב, אַניט וועט מען זי אינגאַנצען צעוואַרפען; נאָר דערפון פלעגט ער זיך גאָרנישט מאַכען, דערויף איז זיך דאָס פּאָליציי. ער פלעגט אַמאָל פערשטופען דאָס מויל, האָט מען איהם ווידער געלאָזט צו־רוה אַ פּאָר יאָהר.

און אַזוי איז די שטוב ווייטער געשטאַנען, און געקוקט מיט די דריי גאָרען אויף דעם אַראָב־באַרג און מיט איין גאָרען — אויף דעם גלייכען שמאָלען געסעל.

---

# IV.

פון שמאָלען געסעל איז מען דורך דער טהיר אַריינגעגאַנגען אין אַלע דריי גאָרען: פריהער דורכ'ן פּאָדער־הויז, וואו עס איז געשטאַנען אַ פּאַס מיט וואַסער, אַ צובער, עטליכע שטייגען פון עופות און אַ בערגיל פון עטליכע בינטלעך האָלץ אויף צו הייצען. אויך האָבען זיך דאָ געוואַלגערט אַלטע ברעטלעך מיט שטעקענס, עטליכע צובראָכענע ציגעל און אַ פּאָר שטיינער, וואָס אין בלאָטע־צייט פלעגען זיי דיענען אַלס סטעזשקעס, איבער וועלכע מען איז אַריינגעשפּרונגען אין שטוב אַריין.

פון פּאָדער־הויז איז מען גלייך אַריין אין מיטעלסטען גאָרען,

וואָס איז בעשטאַנען פון איין גרויס צימער מיט אַ קליינער ספּאַלניע און אַ קיך. פון פאָרע־הויז איז געגאַנגען אַ פּאָר טרעפּלעך נידעריגער, דורך וועלכע מען האָט זיך אַראָבגעלאָזט אין ערשטען גאָרען, וואָס איז געווען פון איין גרויסער שטוב מיט אַ קיך, און אין דעמזעלבען פאָר־דער־הויז איז געשטאַנען אַנ'איינגעבויגטער לייטער פון פיער טרעפּלעך, אויף וועלכען מען פלעגט געהן אויף דעם בוידעם און אויף דעם דריטען גאָרען, וואו עס האָט זיך געפונען נאָר איין שטיבעל.

אין מיטעלסטען גאָרען האָט געוואוינט אין דער גרויסער שטוב אברהם לאָפּצעס מיט בריינצען און איהרע דריי קינדער, אויך גיטעל, אַ דערוואַקסען מיידעל פון צווייטען ווייב, וואָס מען האָט איהר שוין גערעדט שידוכים. אין שלאָפצימער האָט געוואוינט זיין עלטערער זוהן בעריש, פון ערשטען ווייב, מיט אַ פרוי און צוויי קינדער. אין דעם שטיבעל פון דריטען גאָרען האָט געוואוינט די עלטסטע טאָכטער פייגע פעסע, אויך פון ערשטען ווייב, מיט איהר מאַן און איין קינד. דער הינטערשטער גאָרען איז געווען פערדונגען אַ שכן פאַר דרייסיג קערבלעך אַ יאָהר.

צום עסען פלעגען זיך אַלע צוזאַמענקומען אין דער גרויסער שטוב; אַלע דריי בעלי־בית'טעס פלעגען זיך געפינען אין דער קיך און קאָכען אין איין גרויסען טאָפּ; ווי מען האָט נאָר אָבגעגעסען, זענען זיך אַלע צוגאַנגען און די גאַנצע ארבייט איז געפאַלען אויף בריינצען, און דערפאַר איז שטענדיג געווען קולות.

— ווי נאָר מען פרעסט אָב, צולויפט מען זיך, פלעגט שרייען בריינצע, די טאָכטער אויף דעם דריטען גאָרען און די שנוהר אין ספּאַלניע, און אויף מיר לאָזט מען איבער די גאַנצע קיך, איך זאָל זי ראַמען, אַפילו קיין טעפּעל איז נישטאָ וועך עס זאָל מיר העלפען אויסוואַשען.

— וואָס־זשע ווילט איהר, איך זאָל זיך שטענדיג צוהאַלטען ביי אייער פאַרטוך? פלעגט די טאָכטער נישט אָבשווייגען: איך האָב ברוך השם אַ מאַן מיט אַ קינד און האָב אין דער קיך גענוג ארבייט.

די שנוהר פלעגט זיך גאָר צעוויינען, אז זי זאָל בעסער געווען אויסריגען ביי איהר מאַמען אין בויך, איידער זי איז אַריינגעפאַלען אין דער שטוב פאַר אַ שנוהר.

— געפעלט דיר אפשר נישט די קעסט? ענטפערט פערביטערט בריינצע, קענסט זיך ווענדען. איצט האָבען אַלע מיילער צום אָבענט־

פֿערן, נאר אז עס קומט צום עסען, וואקכען אלע אויס...

— נישט איידערם עסען מיר, האָבען זיך בײדע ווײבלעך אָבגערופען, מיר האָבען אזא חלק אין דער שטוב, ווי איהר!

— ווער, איהר? חא-חא-חא? האט זיך ברײנצע ווילד צולאכט: איהר האט א חלק?... א געלעכטער חלעבען, א חלק האָבען זײ אין שטוב, נישטאָ ווער עס זאל לאכען! די שטוב איז מײנע, איהר הערט? די שטוב איז מײנע! ווען ער זאל מיין נדן נישט געווען אריינבראָקען אין דער שטוב, וואלט זי שוין לאנג אײנגעפאלען. איך האב א כתב, אז די שטוב איז מײנע און מײנע קינדער'ס!

די טאָכטער מיט דער שנוהר זענען זיך אוועקגעגאנגען און זיך אויסגעלאכט פון איהר; זײ האָבען גוט געוואוסט, אז זײ האָבען חלקים אין דער שטוב גלײך מיט איהר, ווײל בײ זײערע תנאים האט אברהם לאָפּצעס פאר זײנע קינדער געלעגט קעגען נדן פון יענע צדדים — חלקים איוף דער שטוב און אײנגעלעגט דערויף א כתב.

ברײנצע איז נאך דעם איבערריידען זיך געבליבען אליין אין קיך, ארומגערינגעלט מיט נישט-איבערגעוואשענע טעפלעך.

וואשענדיג די טעפלעך און אויפראמענדיג די קיך, האט ברײנצע אנגעהויבען זיך אליין צו שעלטען:

— פינסטערע יאָהרען מײנע! אזוי פיעל ארבײט, און גיה אר-בעט פאר אלע; ער ווייסט זיך באלד נאך דעם עסען אוועקגעהן אין גאס; די מויד ווייסט נאר זיך פוצען; די שנוהר מיט דער טאָכטער דערגעהען מיר די יאָהרען. צו וואס בין איך גאר געבוירען געוואָרען, איך זאל דארפען אריינפאלען אין אזא שטוב! פאר א הונט-שלעגער זאל מען געהן, נאר נישט פאר קיין מאן מיט קינדער! נאר וואס זאל איך טאן: זיך געהן גט'ן נאך אמאל, ווען איך האב שוין דרײ קינדער מיט איהם? נאך גוט חאטש וואס איך האב א כתב אויף דער שטוב, ווען נישט, וואלטען זײ מיך גאר ארויסגעטריבען מיט מײנע קינדער, — האט זי זיך געטרײסט.

און וואשענדיג די טעפ אין א שיסעל וואסער, האט ברײנצע ארויסגעלאזט עטליכע טרערען.

גיטעל איז אריינגעקומען אין קיך און זעהענדיג ווי די שטיף-מאמע ווײנט, איז זי צוגעגאנגען און אויך גענומען מיט בעס אפאר טעפלעך וואשען.

— א מיניט לאזט מען נישט אָברוהען! האט גיטעל אנגעהויבען;

דעם גאַנצען טאָג געווען אין קיך; איך בין נאָך נישט אַזוי אַלט, איך זאָל מעהר פאַר זיך נישט זעהען ווי די קיך!

— גערה שוין, גערה, איך בין דיר מוחל דיין וואַשען מיט דיין העלפען! האט בריינצע ביי איהר מיט כעס אויסגעכאַפּט דאָס טעפּעל פון האַנד: איך האָב פיינט אַזאַ ארבייט.

— אייך ווערט עפּעס געפעלן? קיינער געפעלט אייך נישט!

— אַודאי איז דאָ ווער עס זאָל געפעלן!

— ווערמען איך וועל דאַרפען, וועל איך געפעלן... האט גי־טעל איהר אָבגעענטפערט, געמאַכט דערביי אַ קרום פּיסקעל און ארויס פון קיך.

אין דער גרויסער שטוב האט זי אַ קוק געטאָן אין דעם איינצי־גען אַלטען שפּיגעלע, וואָס איז געהאנגען אויף אַ צוואַק, אויסגעגלייכט די האָהר, אָנגעטאָן אַ קאַפּטעלע און איז אַוועק פון דער שטוב צו אַ חבר'טע.

---

# V

דעם גאַנצען טאָג זענען די מאַנסבילען כמעט נישט געווען אין דער־היים און האָבען זיך געדרעהט אין גאַס מיט שטעקלעך אין דער האַנד, ווי דאָס רוב יודען אין שטאָדט.

דער עלטערער זוהן בעריש האט אמאָל עפּעס געהאַנדעלט פון איין יריד צום אַנדערן; אַמאָל דערלאַנגט עטליכע גילדען אָדער פער־דיענט. דער איידעם האט זיך געדרעהט צווישען מענשען און געזוכט מסחור. נור אברהם לאָפּצעס אַליין האט קיין געשעפט נישט געהאט, ער האט זעלטען עפּעס פערדיענט. זיינע פערדיענסטען אין זיין גאַנץ לעבען קען ער איבערצעהלען אויף די פינגער: צוויי שדוכים האט ער אַמאָל אויסגעפיהרט און געכאַפּט שדכנות; אַ דריי מאָל אין לעבען האט ער געכאַפּט מעקלעריי, און איין מאָל ביי טאָרגעס אויף וועלדער האט ער בעקומען אַ פינף־און־צוואַנציגער; די לעצטע יאָהרען האט ער זעלטען געזעהען אַ גראָשען פערדיענסט, נאָר דערפאַר האט ער געהאַט אַ שטוב, קיין דירה־געלד האט מען נישט געצאָהלט, דרייסיג קערבלעך איז נאָך געווען הכנסה. ווען מען איז אָבער אַמאָל געווען אין אַ צרה:

למשל, מען האט בעדארפט דעם זוהן שטעלען צום פריזיוו אדער אויף הוצאות החתונה, ווען מען האט בעדארפט א קינד חתונה מאכען אדער אזוי, זאל גאט אבהיטען, א צרה, וואס מאכט זיך ביי יודען, האט מען זיך אנ׳עצה גענעבען — געמאכט א הלואה אויף דער שטוב; קיין סך האט מען נישט געליהען, נאר וויפיעל מען האט געליהען האט מען זיך בעגנינט. ווען עס איז געקומען צו בעצאהלען די חובות און מען האט שוין מעהר נישט געקאנט אבציהען און אבלעגען, האט מען וויטער געמאכט א הלואה און פערשטופט אויף א צייט די בעלי־חובות די מיילער צו־ביסלעך. אזוי האט זיך אברהם לאפצעס געלעבט מיט זיין ווייב און קינדער אויף דער וועלט. פונדעסטוועגען האט מען געלעבט און געהאט א נאמען פאר א פיינעם בעל־הבית, אזוי, אז עס איז געקומען צו מאכען א נייע הלואה און מען האט אנגעהויבען נאכפרעגען, צי מעג מען לייהען אויף אברהם לאפצעס שטוב, האט קיינער נישט געזאגט קיין שלעכטס, וויל אין שטאדט האט זיך נישט געפונען קיין איינציגער בעל־הלואה, וואס זאל איהם עפעס נישט קומען פון אברהם לאפצעס. יעדער האט געוואוסט, אז אברהם לאפצעס וועט מאכען א נייע הלואה, וועט יעדער עפעס בעקומען אויף דעם חשבון פון חוב, און אזוי איז אברהם לאפצעס קרעדיט קיינמאל נישט געפאלען. א פינף־און־צוואנציגער, א פופציגער אדער עפעס מעהר האט יעדער געמעגט לייהען, עס איז דאך פארט א שטוב אין דריי גארען!

אט אזוי האט זיך אברהם לאפצעס געלעבט, חתונה געמאכט קינדער און נישט געהאט קיין טענות צו זיין ליבען נאמען. אויף דער גאס פלעגט ער זיך יעדען טאג ארויסגעהן מיט דעם שטעקעל, מיט אלע בעלי־בתים האט מען זיך בעגעגענט ווי מיט זיין גלייכען, זיך אבגעגעבען איינם דאס אנדערע א פיינעם „גוט־מארגען". געוועהנליכער עולם פלעגט איהם פריהער בעגעגענען מיט א „גוט־מארגען, ר׳ אברהם!" און ער פלעגט פריינדליך יעדען ענטפערן. אפילו דער פריס־טאוו פון שטאדט פלעגט איהם אמאל אויך דערלאנגען די האנד און זיך אבשטעלען מיט איהם רעדען ווי מיט א לייטישען שטאדט־בעל־הבית, וואס האט אנ׳איינענע שטוב.

שבת פלעגט זיין א פערגעניגען צו זעהן איהם געהן פון שוהל מיט זיין ווייב און אויסגעגעבענע קינדער. די קלענערע קינדער, וואס ער האט געהאט מיט ברייטצע׳ן, פלעגען געהן פריהער. נאך שענער האט אברהם לאפצעס אויסגעזעהן יום־טוב, ווען ער פלעגט געהן יום־

טוב ביטען מיט אלע קינדער און מיט די אייניקלעך . און נישט איינער, וואס האט זיי דענסטמאל אין גאס בעגעגענט , פלעגט בעת מעשה טראכטען : אט א נחת , קיין עין-הרע ! נישט קיין גביר , נאר פארט לעבט ער זיך אויף דער וועלט פיין , שען , אז גאט און לייט מעגען איהם מקנא זיין , נישט צו פערזינדיגען אויף אלע יודען אזא לעבען !

---

# VI

א חוץ שבת און יום טוב , ווי מען איז זיך צוזאמענגעקומען אין דער גרויסער שטוב ביים אנביסען אדער וועטשערע און מען האט אנגעהויבען פון עפעס צו רעדען , האט מען געמוזט ארויפקומען אויף דער שטוב מיט די חלקים , מען האט זיך געקריגט , געשריען , גע׳טענה׳ט און שטעכווערטלעך זיך געגעבען . נאר טאמער איז דאס מחלוקת געגאנגען צו-ווייט , האט זיך דענסטמאל ארייגעמישט אברהם לאפצעס און אנגעהויבען שרייען העכער פון אלע :

— שטילער לאז זיין ! נאר מען הרג׳עט זיך , איך לעב ברוך השם , און איהר שלאגט זיך שוין .

—איהר מעגט זיך לעבען ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, אבער אין דער שטוב האבען מיר א חלק גלייך מיט אייך , פלעגט זיך אפרופען די שנוהר .

— קיינער נעהמט נישט צו אייערע חלקים, וואס רייסט איהר זיך שטענדיג , די שטוב וועט נישט אנטלויפען !

— דו אליין רעדסט זיי איין , אז זיי האבען חלקים אין דער שטוב , ענטפערט פערביטערט בריינצע : די שטוב איז מיינע , ווייסט דען נישט , אז די שטוב איז מיינע מיט מיינע קלײנע קינדער׳ם ?

— איהר וועט נישט אויפהערען מיר לעכערן דעם קאפ מיט אייערע חלקים , וועל איך אנטלויפען אין דער וועלט אריין אדער איך וועל זי איינגאנצען פערקויפען .

— איך וועל נישט לאזען זי פערקויפען ! שרייט בריינצע : עס איז מיין נחלה , וואו וועל איך אהינקומען מיט מיינע קינדער איבער הונדערט און צוואנציג יאהר ?

— און באלד וועט מען זי קאנען פערקויפען אהן אונז ! רופען

זיך אָב די אויסגעגעבענע קינדער מיט אַ נצחון.

— אײַך פרעגט מען אודאי, איהר האָט אודאי אַ גרויסע דעה איבער דער שטוב!

— וועט איהר זעהען, ווי איך וועל מײַן חלק פערקויפען, רופט זיך אָב די שנוהר.

— איך וועל אויך פערקויפען, טאַקעוועט נאָך דער אײדעם.

— חאַ־חאַ, בעלי־בתּים! מײַן שטוב וועלען זיי פערקויפען! די אַלטע שקראָבעס אײַערע וועט איהר פערקויפען, אָבער נישט מײַן שטוב...

— וועלען מיר זעהען, ווער עס זענען די בעלי־בתּים.

— אדרבה. איך וואָלט עס טאַקע געוואָלט זעהן, דעם קאָפּ וועל איך אײַך צוועצען!...

אָט אַזוי פלעגט מען זיך שטעלען איינס דאָס אַנדערע יעדען טאָג ביז מען איז מיעד געוואָרן, אָדער ווען אַ פרעמדער מענש איז אָנגעקומען, דענסטמאָל זענען אַלע שטיל געבליבען.

בכלל האָט מען זיך פײַן אויפגעפיהרט, ווען זײַנוויל שדכן פלעגט קומען מכח די שדוכים פאַר גיטלען; דענסטמאָל האָט זיך יעדער געפײַנט און זיך געוואָלט אַרויסשטעלען פאַר דעם לײַטישעסטען מענש אין דער משפחה. די שנוהר פלעגט זיך שטענדיג וועלען ווײַזען, אַז זי איז די חכמה; דער אויסגעגעבענער זוהן, — אַז ער איז דער אײנציגער מענש, מיט וועלכען מען קאָן רעדען; די אויסגעגעבענע טאָכטער, — אַז זי ווײסט זיך, ווי אַזוי צו פיהרען צווישען מענשען; דער אײדעם, — אַז מיט איהם קאָן מען רעדען וועגען אײדעלע זאַכען. ברײַנצע איז גאָר פון דער הויט געקראָכען צו ווײַזען, אַז קײנער האָט דאָ קײן דעה נישט, נאָר זי; אַז זי וועט זאָגען „יאָ", וועט זײַן „יאָ", און אַז זי, ברײַנצע, וועט זאָגען „ניין", וועט זײַן „ניין", די וועלט מעג זיך אפילו איבערקעהרען. אברהם לאָפּצעס אַלײן איז דענסטמאָל געזעסען בכבוד׳יג: די באָרד אויסגעקעמט וואָס ברײטער, אויף זײַן פּנים האָט זיך דענסטמאָל עפּעס איבערגעצויגען אַ מין יום־טוב־הויט און גערעדט האָט ער מיט אַזאַ רוהיגען געזעצטען טאָן, אַז עס האָט אויסגעוויזען, אַז ער דאַרף נאָר הייסען אַ ווונק טאָן, ווערט אַלץ בעשאַפען לויט זײַן בעפעהל.

ווען זײַנוויל שדכן איז געווען דאָס לעצטע מאָל אין שטוב מכח דעם שדוך, וואָס ער רעדט שוין לאַנג גיטלען און עס האָלט שוין ביים ענדיגען, האָט אברהם לאָפּצעס אַרײַנגערופען אַלע זײַנע קינדער, אחוץ

פֿערשטעהט זיך, גיטלען. ברײַנצע איז אודאי געווען דערבײַ, און אברהם האָט זי געזאָגט:

— איהר ווייסט דאָך מסתמא, אַז ר' זײַנוויל רעדט פאר אונזער גיטלען שרוכים. איין שדוך פון חאשטשעוואטע געפעלט מיר; איך קען דעם מחותן, ער איז אַ גאַנץ פײַנער מענש, די משפחה איז אויך אַ לײַטישע, און ווידער איז חאשטשעוואטע אַ פײַנע שטאָדט, נישט קיין פוסטקע, אַ שטאָדט מיט געשעפטען, און אַז אַ יונג פּאָר־פֿאָלק בע־זעצט זיך אין אַזאַ שטאָדט, קען מען זיך מאַכען אַ שטיקעל געשעפט און מען קאָן האָבען פּרנסה. דער יונגערמאַן, דער חתן, מיין איך, איז דוקא אַ פײַנער, נאָר נישט קיין באַנק־קוועטשער, ער וואקסט אַ סוחר.

בײַ זײַנוולען האָבען די אויגען אָנגעהויבען בלישטשען און די באָרד זיך צו טרייסלען פון אברהם לאָפּצעס רעד.

— ווער ווייסט עס דען נישט? האָט זײַנוויל צוגעגעבען פון זיין זייט, די גאַנצע וועלט קען ר' יעקב בער פון חאשטשעוואטע, און דער חתן לייבעל איז טאקע באמת אַ בחור'ל, וואָס מען דאַרף הײַנטיגע צייטען זוכען נישט נאָר אין חאשטשעוואטע, נאָר אפילו אין גרעסערע מקומות איז שווער צו געפינען. הײַנטיגע וועלט איז געוואָרן אויס מאָדע באַנק־קוועטשערס, הײַנט דאַרף מען האָבען אַ מענשען.

— וואָס איז שייך: מענשען? פונדעסטוועגען דאַרף מען זיין אַן'אידעלער מענש אויך, האָט זיך אַרײַנגעמישט דער איידעם.

— וואָס הייסט: אידעל? ענטפערט זײַנוויל, אידעל צו אידעל איז נישט גלײַך. עס איז פאַראַן אידעלע און אידעלע מענשען. איי־נער זאָגט דעם צווייטען מיט אידעלקייט אַ שענעם „גוט מאָרגען“, און דער צווייטער מיט אידעלקייט נעהמט אַרויס בײַם אַנדערן דעם דם התמצית. און ווידער איז דאַ אַ פּראָסטער מענש, אַ גאַש־בראַט, און איז דוקא אַ לײַטישער מענש, אַ וואָרט איז אַ וואָרט, און וועט קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן.

— וואָס איז שייך צו זאָגען, איז אברהם לאָפּצעס אַרײַנגעפאַלען אין די רייד: ר' יעקב בער, דער מחותן, מיין איך, איז דוקא אַ פײַנער מענש, פונדעסטוועגען דאַרפען זי וויסען, ווער אונזער גיטעל איז, ווי אַזוי זי איז געוואַקסען בײַ מיר און פון וואָס פאַר אַ שטוב מען נעהמט זי אַרויס; און אַז איך גיב איהר נדן אַ חלק פון דער שטוב, וואָלט מען פון חתן'ס צד בעדאַרפט לעגען חאָטש אַ קענגען ת"ק

קערבלעך, זאָל זײַן ש״ן, אָבער נישט קײן רי״ש; וואָס איז הײַנטיגע יאָהרען צוויי הונדערטער? אַ חלק אין שטוב וועלען זיי האָבען, און דערצו דרײַ הונדערט במזומנים, אַ ביסעלע פּראָצענט, קאָן מען שוין אַ ביסעל וואַקסען. און איהר, ר׳ זײַנוויל, מוזט זיי שרײַבען, אַז זיי קאָנען קומען צופאָהרען זיך אָנקוקען, דאָס הײַסט אויף תּנאים, און אַקעגען דעם כּתב אויף דעם חלק פון דער שטוב, אײַנלעגען דרײַ הונדערטער נדן.

— איהר דאַרפט נישט זײַן אַזוי אײַנגעשפּאַרט, האָט זיך זײַנוויל אָבגערופען: יעדער קען אײַער שטוב מיט אײַערע קינדער, קײנער ברוך השם וועט קײן שלעכט וואָרט נישט זאָגען; אָבער מען מוז בעת שדוך אַמאָל זאָגען אין די אויגען דעם אמת, און מען דאַרף אויף קײן שדכן קײן פעראיבעל נישט האָבען, — עס איז דאָ אַ חלוק פון אַ שטוב ביז אַ שטוב... אײַער גיטעל איז זעהר אַ פײַן קינד, נאָר פאָרט אַ יתומה. ווי אײַער ברײַנצע, איך זאָג עס אין די אויגען, זאָל נישט זײַן נוט, איז זי פאָרט נישט קײן אײגענע מאַמע. בײַ אַ שדוך דאַרף מען זיך מיט אַלץ בערעכענען.

— ר׳ זײַנוויל! איהר, זאָלט מיר מוחל זײַן, רעדט שוין נאַרישקײַטען. מײַנע אײגענע קינדער איז געווים נישט אַזוי גוט בײַ מיר ווי גיטלען. אַט זיצען אַלע קינדער, צי קאָנען זיי זאָגען, אַז איך בין געווען ווי עס מאַכט זיך אַמאָל אַ שטיף־מאַמע? אדרבה, זאָגט! ברוך השם, זיי האָבען שוין חתונה געהאַט און לײַטישע שדוכים געטאָן, קײן ערגערע נישט מיט די איבעריגע קינדער, רבונו של עולם, בעסער האָט קײן שעור נישט. דאָס איז נאַרישקײַטען, ר׳ זײַנוויל, איהר זאָלט מיר מוחל זײַן.

— יאָ, אָבער איהר דאַרפט נישט פערגעסען, אַז דער חתן איז אַ מענש, אַ פאָלנער מענש זאָג איך אײַך, דאָס דאַרף מען נישט פערגעסען.

לאַנג האָט מען נאָך וועגען דעם גערעדט. יעדער האָט אַרײַנגעשטעלט זײַן וואָרט: די שנוהר, דער אײדעם, דער זוהן, די טאָכטער און מעהר פון אַלע — ברײַנצע. צום סוף האָט אברהם לאָפּצעס געזאָגט דעם שדכן, אַז ווינציגער ווי דרײַ הונדערטער נדן פון חתן׳ס צד איז נישטאָ וואָס צו רעדען, און זײַנוויל איז אוועקגעגאַנגען מיט דעם, אַז ער וועט נאָך הײַנט שרײַבען קײן האַשטשעוואַטע.

# VII

אין א שענעם זומערדיגען פריהמארגען האבען אלע פארביינגעהער דורכ'ן שמאלען גלייכען געסעל זיך אבגעשטעלט נעבען אברהם לאפּצעס שטוב. אזוי, אז מען פלעגט געהן אויף דעם שמאלען געסעל, איז נישט געווען צו וואס זיך אבצושטעלען. קיין מאגאזינען מיט אויסגעשטעלטע סחורות אין די פענסטער האט זיך דא נישט געפונען; אלע שטיבלעך, וואס זענען געשטאנען אויף דעם געסעל, האבען זיך יעדען דערעסען אין די גערגערעס, קוקענדיג אויף זיי. נעבען אברהם לאפּצעס דריי=גארענדיגער שטוב איז זיך אודאי נישט געווען וואס אבצושטעלען. יעדען האט זי פון געבווירען=אן געסטארטשעט אין די אויגען. מען איז געגאנגען גלייך אויף דעם געסעל, סיידען א קוה האט זיך אמאל פערגלוסט אבשטעלען אין דער ברייט פון געסעל און זיך פערטראכטען. האט מען זיך געמוזט אבשטעלען, ביז זי וועט זיך אויסדרעהען אין דער שמאל, מען זאל קאנען די גאס דורכגעהן, נאר היינטיגען טאג פון גאנץ פריה=אן איז נאך קיינער נישט דורכגעגאנגען, מען זאל זיך ביי דער דריי=גארענדיגער שטוב נישט אבשטעלען און קוקען מיט גרויס וואונדער.

נעבען די וועגד פון שטוב איז געווען אנגעשפארט צוויי לייטערס, אויף וועלכע עס זענען געשטאנען צוויי גוי'עס, אבגעשפריצט די פנים'ער מיט ווייסע לייהם, און מיט נאסע בערשט האבען זיי געשמירט די וועגד.

קיינער געדענקט נישט, מען זאל אמאל שמירען די שטוב. טייל האבען זיך דערמאהנט, אז ווען אברהם לאפּצעס האט חתונה געהאט מיט ברייגצע'ן, האט מען געווייסט די שטוב, פון דענסטמאל=אן איז זי געשטאנען מיט אבגעריסענע וועגד, וואס=זשע איז איצט פלוצים פאר א יום=טוב? אפילו נישט פאר פסח, גלאט אין א מיטען מיטוואך. און די פערביינגעהער האבען זיך אבגעשטעלט און געוואונדערט זיך.

דער ערשטער פון די בעלי=בתים, וואס האט דערזעהן, אז מען שמירט אברהם לאפּצעס שטוב, איז געווען זעליג קרעטשמער, וואס האט פון לאנגע יאהרען אויך געהאט א שטוב אויף דערזעלבער שמאלער גאס. דאס איז דער איינענער זעליג קרעטשמער, וואס פלעגט אפט שפאצירען זומער פארנאכט מיט אברהם לאפּצעס און פלעגט מיט

איהם טענה׳ן, אז עס איז שוין צייט ארייַנצולעגען א פאר הונדערט קערבלעך אויף רעמאנט.

אז זעליג קרעטשמער האט גאנץ פריה דערזעהען די צוויי גוי׳עס מיט בערשט אין די הענד, איז ער צוגעגאנגען, זיך אנידערגעשטעלט און אנגעהויבען שאקלען מיט דעם קאפ.

—ער וויל אבנארען די וועלט און פערשמירען די אלטע לעכער. לעכער קען מען אבער נישט לאנג פערשטעלן, מען מוז זיי פערשטעקען.

לאנג האט זעליג קרעטשמער געשאקעלט מיט דעם קאפ, אוועקגעמאכט מיט די הענד און איז זיך אוועקגעגאנגען.

אין א פאר טעג ארום איז די דריי־גארענדיגע שטוב געווען אינגאנצען אויסגעשמירט און האט געקוקט מיט איהרע פרישע אבגעווייסטע ווענד אויף דער שמאלער גאס מיט א פנים פון א יונגעל, וואס די מאמע האט איהם פרייטאג אויסגעצוואגען לכבוד שבת.

שפעטער מיט עטליכע טעג האט מען ווידער געזעהען א נישט־געוועהנליכע זאך אויף דער שמאלער גאס.

אברהם לאפצעס מיט זיין ווייב און אלע קינדער און נאך עפעס א פאר יודען, מיט א יודענע און מיט א דערוואקסענעם בחור און אויך זייַנוויל דער שדכן, אלע אנגעטאן ווי אום יום־טוב, זענען ארומגעגאנגען ארום דער שטוב און בעטראכט זי פון אלע פיער זייטען, אין דער לענג און אין דער ברייט.

אברהם לאפצעס איז געגאנגען אין מיטען, און אלע נעבען איהם, ער האט נישט אויפגעהערט צו רעדען מיט ברייטקייט, און דער איבעריגער עולם האט אלעמאל געשאקעלט מיט דעם קאפ און צוגעבאמקעט מיט איינציגע ווערטער.

— איהר זאלט זיין א בעלן ארויפצוקריכען אויף דעם בוידעם, האט אברהם לאפצעס געזאגט, ווענדענדיג זיך צו די מחותנים, און זעהען פון וואס פאר א קראקוועס דער דאך איז געמאכט געווארן, און וואס פאר א באלקענס עס ליגען אויף די סטעליעס, — וואו קריגט מען גאר היינט אזא געהילץ! איהר זאלט זעהען וואס פאר א האלץ עס ליגט אין די ווענד — אייביג קענען אזוינע ווענד שטעהן, און נאר אין אמאליגע יאהרען, ווען עס האט זיך געלעבט גוט אויף דער וועלט, ווען גאלדענע געשעפטען האבען זיך געוואלגערט אויף דער גאס און יעדע זאך האט מען געקאנק קויפען פאר א גראשען, האט

מען זיך פערגונען צו בויען אזוי א שטוב. היינטיגע יאהרען פון אזא געהילץ מאכט מען טייערע שאפעס און פארטעפיאנען און אנדערע טייערע מעבעל. ווער האט עס גאר היינטיגע יאהרען אזא עשרות, אז מען זאל פון אזא מאטעריאל בויען א שטוב. גלויבט מיר, ווען איך האב דאס געהילץ פון מיין שטוב, וואלט איך געקאנט האבען א געמויערט הויז. אויף א בעלנות וועל איך אייך מטריח זיין אנצוקוקען, ווי אזוי מען האט זיך אמאליגע יאהרען פערגונען צו לעגען דעמבעס אין א פונדאמענט, איהר מעגט זיי אנקוקען!...

אז מען זאל קאנען אנקוקען די דעמבעס, האט מען געמוזט געהן אויף דער זייט, וואו די שטוב האט געקוקט מיט איהרע דריי שטאק, דאס הייסט, אויף דעם משופע'דיגען בארג. אברהם לאפצעס איז גע־גאנגען פריהער, נאך איהם די מחותנים מיט זיינוויל שדכן, און דער־נאך בריינצע מיט אלע קינדער. איינער פון די מחותנים האט זיך שיער נישט אראבגעקאטשעט פון בארג און מיטגעשלעפט די מחותנת'־טע, נאר א גליק וואס זיינוויל האט זיי אונטערגעחאפט און דער איידעם איז אויך צוגעלאפען און זיי צוגעהאלטען.

— אויף א בארג, האט איינער פון עולם געזאגט, דארף מען זיין געוועהנט צו געהן.

— אין חאשטשעוואטע, האט דער מחותן געענטפערט, איז נישטא קיין בערג; די גאנצע שטאדט שטעהט אויף א גלייכען פלאץ.

ווען מען איז צוגעקומען צו דעם ארט, וואו א שטיק קלאץ האט ארויסגעשטעקט, האט אברהם לאפצעס ארויפגעשטעלט איין פוס און מיט נצחון זיך אבגערופען:

— וואס זאגט איהר עפעס אויף אזא דעמב, הא?

די מחותנים האבען צוגעשאקעלט מיט דעם קאפ, און זיינוויל שדכן האט אזש א סמאטשקע געטאן מיט די ליפען.

אויף דער נאכט האבען אלע אויף דעם שמאלען געסעל געוואוסט, אז ביי אברהם לאפצעס אין שטוב שרייבט מען תנאים און זיין טאכ־טער גיטעל פון צווייטען ווייב ווערט א כלה למזל.

# VII

נישט קוקענדיג וואס מען האט די שטוב ערשט נישט לאנג אויסגעשמירט. פון דרויסען מיט ווייסע לייהם, האט די פאליציי נישט אויפגעהערט צו פערלאנגען, אז מען זאל זי איינגאנצען צעווארפען, אפילו רעמאנט מאכען האט זי נישט געלאזט, ווייל מען האט געפונען, אז אין דער שטוב געפינט זיך נישט קיין גאנץ אבר, מען דארף זי איינגאנצען צעווארפען און א נייע הויז אויסבויען, ווען נישט — קאן זי איינפאלען און חס ושלום אנ׳אומגליק זיך טרעפען מיט נפשות.

עס איז שוין נישט אנגעגאנגען מעהר מיט פערשטופען דאס מויל. אויף אלע אברהם לאפצעס טענות האט פאליציי איהם געענטפערט:

— איהר זעהט דען נישט, אז די שטוב איז איינגאנצען איבערגעפוילט פון אלטקייט, און עס קאן זיך היינט-מארגען אנ׳אומגליק טרעפען?

מען האט געצויגען א טאג נאך א טאג, ביז עס איז געקומען א טרויעריגער פריה-מארגען, אז מען האט די שטוב צעווארפען.

איין יאהר איז פון דעם דאזיגען פריה-מארגען אוועקגעגאנגען. עס איז ווידער אנגעקומען דער ווינטער און אלץ בעדעקט מיט שניי; עס איז נאך אמאל געקומען דער ליעבער פריהלינג און האט צושמאלצען דעם שניי, און ריטשקעס מיט ריטשקעלעך וואסער פון דער גאנצער שטאדט זענען רעש׳דיג געלאפען דורכ׳ן שמאלען געסעל, איבער דעם משופע׳דיגען בארג, און קיינער, קיינער איז איצט נישט געווען, ווער עס זאל שטערן זייערע וועגען און זיי מאכען נייע.

אויף דעם ארט, וואו די שטוב איז געשטאנען, איז איצט מעהר נישט געבליבען ווי א שפיץ בארג, פון וועלכען עס האט זיך אבגעריסען אלעמאל שטיקער ערד און האט זיך צושאטען אראב בארג. אפילו קיין ליידיגער פלאץ אויף צו פערקויפען איז פון דער שטוב נישט געבליבען, נאר עפעס א קלאץ שטעקט דארטין ארויס פון דער ערד, אויף וועלכען עס שטעלט זיך אמאל אברוהען א סאראקע, קראקעט, קראקעט און פליהט אוועק.

צייטענווייז זעהט מען נעבען קלאץ זיך ארומדרעהען אנ׳אבגעריסענעם יודען מיט א גרויסער פערפלאנטערטער באָרד, ער פרובט אמאל דעם קלאץ מיט דעם פוס, צי ער איז שטארק.

— נישטא היינטיגע יאהרען אזוינע דעמבעס, רעדט ער פאר זיך.

פאַרבײַנעהער אויף דעם שמאָלען געסעל, דערזעהענדיג דעם אָבגעריסענעם אַלטען יודען, טוען אַ זיפץ און געהען ווײַטער,

— וואו זענען אײַערע קינדער, ר' אברהם ? פרעגט איהם אמאָל אַ דורכגעהער.

— נישטאָ די שטוב, זענען זיי זיך צופלויגען איבער שבעה־ימים. און מײַן ברײַנצע איז געשטאָרבען... אַלע מײַנע קינדער זענען דאָ געשטאָרבען... דאָ האָט מען זיי מקבר געווען... אָט איז זייער מצבה... איך קום אהער אויף קבר אבות... זעהט נאָר, וואָס פאַר אַ שטאַרקע מצבה... הונדערט יאָהר וועט זי שטעהן... קײנער האָט דעם שטאַרקען דעמב פון דאנען נישט געקענט אַרויסרײַסען... חאַ־חאַ־חאַ, נישט געקאָנט...

אָט אַזוי האָט אַ יודישער בעל־הבית געלעבט אויף דער וועלט.

# אַ רעגען.

(ערצעהלונג).

---

די גרויסע שוהל אין דראַזשנע, וואָס שטעהט אויף אַ גרויסען פּלאַץ, קוקט מיט דריי זייטען פענסטער אויף די שטיבלעך מיט שטרויענע און טשערעפּענע דעכלעך, וועלכע זענען אויסגעשאָטען אָהן אַ סדר אַראָב באַרג ביי די פיס פון דער שוהל; און קוקענדיג אויף זיי פון די שוהל-פענסטער, ווייזט זיך אויס, אַז עס שטעהען נישט קיין שטיבלעך, נאָר מענשען מיט אָבגעבליאַקעוועטע פון דער זון, גרויסע היטלען, און סוד'ען זיך פון עפּעס צווישען זיך, האַלטען זיך איינס אָן דעם אַנדערן שטאַרק אָנגעשפּאַרט, זיי זאָלען נישט אומפאַלען, און קוקען אויף אייך, ווי דערשראָקען.

עס איז שוין האַלבער טאָג, פון דער שוהל זענען זיך שוין אַלע צוגאַנגען, נאָר דער אַלטער רב, ר' טביה, דרעהט זיך דאָרט אַליין אַרום אין טלית.

דעם של יד פון די צווייטע פּאָר תפלין האָט ער נאָר-וואָס אָבגעוויקעלט פון זיין האָריגער און אויסגעדאַרטער האַנד, אויף וועלכער עס זענען נאָך נישט אָבגעגאַנגען די סימנים פון דער שטאַרק-אַרומגעוויקעלטער רצועה.

ר' טביה איז שטענדיג נאָך דעם דאַוונען געבליבען דער לעצטער אין שוהל, אַפילו דעם שמש פלעגט ער איבערוואַרטען, וועלכער האָט נאָך דעם דאַוונען איבערגעלאָזט דעם רב אַליין, און אַראָבגעהן צו זיך אין שטיבעל, וואָס האָט זיך געפינען נעבען די טרעפּ פון דער שוהל.

דער אלטער רב, ווען ער איז נאך דעם דאווענען געבליבען אליין אין בית-המדרש, האט ער געפיהלט א בעדערפעניש, אחוץ די תפלות פון סדור, בעטען דעם, וואס לעבט אייביג, מיט אייגענע ווערטער אויף פראסט יודיש, ווי ער פלעגט רעדען מיט יעדען מענשען, און נישט איין טרעהר פלעגט זיך בעת-מעשה קייקלען פון זיינע אויגען און זיך צוגיסען איבער זיין גרייז-גרויע באָרד, וועלכע איז פון ווייסקייט ערטערוויז אריינגעפאלען אין א העלע געלבקייט.

די לעצטע טעג פלעגט ער בלייבען אליין אין בית-המדרש מעהר ווי אלע מאל.

אין דראזשנע דערצעהלט מען, אז ר׳ טביה פלעגט נישט נאר בעטען דעם, וואס לעבט אייביג, מיט זיינע אייגענע תפלות אויף יודיש, נאר אויך אויף פראסט גוי׳עש.

אפילו שבת צו שלש סעודות, ווען ער פלעגט זאגען תורה ביי זיין טיש פאר דעם עולם, פלעגט ער אין זיינע שטיקער תורה אריינווארפען פראסט גוי׳עשע ווערטער.

און אז איינער פון זיינע ליעבסטע תלמידים האט איהם אמאל געפרעגט, פארוואס מישט ער אריין אין זיין „תורה-זאגען" גוי׳עשע ווערטער, פלעגט ער ענטפערן:

— נישט דאס לשון איז דער עיקר פאר דעם אויבערשטען, נאר דאס הארץ!

און געקענט האט ר׳ טביה פראסט גוי׳עש דערפאר, ווייל פיעל גוים פון די דערפער פלעגען זיך קומען צו איהם פערלאזען וועגען סכסוכים מיט יודען און אויך פלעגען זיי קומען אפט צום דראזשנער רב בעטען, ער זאל פאר זיי מתפלל זיין, קיין בהמות זאלען נישט פאלען און די תבואות זאלען נישט פערברענט ווערן.

און ר׳ טביה פלעגט נאך דעם דאווענען מתפלל זיין פאר יעדען, וועמען עס האט איהם נאר געבעטען.

איצטער איז ר׳ טביה א גרויסער בעל-יסורים, וואס שוין א חודש אז קיין רעגען געהט נישט; אלע קלאגען זיך און שרעקען זיך, אז די ברויטען וועלן פערברענט ווערן און עס וועט זיין א הונגער יאהר, דעריבער בלייבט ר׳ טביה די לעצטע טעג אין שוהל נאך דעם דאווענען לענגער ווי אלע מאל.

ר׳ טביה געהט ארום מיט דעם טלית אויף די אקסלען פון איין פענסטער צום אנדערן און קוקט אויף דעם הימעל, צי עס ווייזט זיך

ניש ערגיץ קיין חמאָרע; און פּלוצים דערזעהט ער ווי איבער דעם לויטערן הימעל שווימט אַ שטיקעל חמאָרע, און ר׳ טביה הויבט אויף די אויגען צום הימעל און בעט:

— רבונו של עולם! טו מיט אונז חסד און היים, אַז דאָס שטי־קעל חמאָרע זאָל בלייבען שטעהן און זיך אויסגיסען מיט אַ רעגען; וואָרום די ברויטען ברענען, די בהמות האָבען נישט קיין פּאַשע, מענ־שען שרעקען זיך פאַר אַ הונגער־יאָהר; אַז עס וועט נישט זיין קיין ברויט, וועלען יודען נישט האָבען מיט וואָס צו האַנדלען אויף די ירי־דים און וועלען בלייבען אָהן פּרנסה; בעט איך דיך, וואָס דו שאַפסט איבער דער גאַנצער וועלט, טו מיט אונז חסד און היים די חמאָרע זאָל זיך איבער אונז אָבשטעלען און זיך אויסגיסען אין אַ רעגען.

דאָס שטיקעל חמאָרע איז אָבער ווייטער געגאַנגען, זיך צוריסען שטיק־שטיקלעך און אין איין מינוט איז דער הימעל ווידער לויטער גע־וואָרן אָהן אַ שום שטיקעל פלעק, און גאַנצע בעזימער שטראַהלען פון דער בראָטענדיגער זון האָבען זיך געצויגען צו די פענסטער פון גרוי־סען בית־המדרש און זיך געשפּילעלט און געטאַנצט אויף די ווענד און אויף די שטענדערס פון דער שוהל.

ר׳ טביה האָט דורך די שוהל־פענסטער אַ קוק געטאָן אויף די פּיעל שטרויענע און טשערעפּענע דעכער פון די יודישע שטיבלעך, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט דעם פּלאַץ פון דער שוהל, און האָט אַ גרויסען זיפץ געטאָן.

טרויעריג און מיט אויסגעווישטע אויגען פון טרעהרען איז ר׳ טביה היינטיגס מאָל געגאַנגען פון דאַוונען; שוואַכער ווי אַלעמאָל האָט ער זיך איצטער געפיהלט און, שווערער האָט ער זיך געהענדיג אָנגע־לעגט אויף זיין לאַנגען שטעקען. ער האָט געפיהלט, אַז זיינע תפלות האָבען נישט דעם כח, וואָס פריהער, און זיי ווערן נישט אָנגענומען.

„די וועלט וועט פערברענט ווערן״, איז ר׳ טביה׳ן מיט שרעק אַרויפגעקומען אויף דעם מח, און ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער פייע־ערדיגער רוט, וואָס מען האָט באַלד נאָך אין אָנהויב זומער געזעהן אויף דעם הימעל.

„אַ שלעכטער סימן, שלעכטע סימנים האָט די פייערדיגע רוט גע־וויזען״ — האָט ר׳ טביה נעהענדיג פון דער שוהל גערעדט צו זיך, שאָקלענדיג מיט זיין וויים־גרויען קאָפּ און נאָך שווערער זיך אָנגעלעגט אויף זיין לאַנגען שטעקען.

פאַרוואָס האָט גאָט בעֶוויזעֶן די מעֶנשעֶן אזא שלעֶכטעֶן סימן — א פייעֶרדיגעֶ רוט ? פאַר וועֶלכעֶ זינד ? דאָס האָט קיינעֶר נישט געֶוואוסט .

דראַזשנעֶ איז פון תמיד אָן אַ גאָטספאָרלטיגעֶ שטאָדט און דעֶר־פאַר פעֶרלאָזט עֶס גאָט קיינמאָל נישט. קיין סך גבירים געֶפינט זיך דאָרטין קיינמאָל נישט, דאָס רוב בעלי־בתים מיט אָרימעֶ לייט און נעֶפאַלעֶנעֶ, דעֶרשלאָגעֶנעֶ אויסגעֶהאָרעֶוועֶטעֶ יודעֶן, וועֶלכעֶ בעֶנוגעֶנעֶן זיך תמיד מיט ווינציג, אַבי די נשמה צו דעֶרהאַלטעֶן, מעֶן זאָל קעֶנעֶן גאָט דיענעֶן מיט דעֶם גאַנצעֶן האַרצעֶן. נאָר הונגעֶריג איז קיינעֶר נישט געֶוועֶן, מיט פרנסה האָט גאָט יעֶדעֶן געֶבעֶנשט, ווייל אַ דראַזש־נעֶר יוד דאַרף קיין סך נישט האָבעֶן, עֶר זאָל די נשמה דעֶרהאַלטעֶן; ווען עֶס איז דאָ נאָר אַ שטיקעֶל ברויט מיט אַ ציבעֶלעֶ אָדעֶר אַ קנאָבעֶל, איז דאָס אויך אַ מיטאָג, ביי וועֶלכעֶן מעֶן וואַשט זיך און מעֶן בעֶנשט און מעֶן לויבט זיין ליעֶבעֶן נאָמעֶן. פרייטאָג חאַפט מעֶן אין דעֶם דאָר־טיגעֶן שמאָלעֶן, נאָר ריינעֶם טייכעֶל פיש; אמת, נישט קיין גרויסעֶ, נאָר פיש איז שטעֶנדיג דאָרטין דאָ יעֶדעֶן פרייטאָג. דאָס דאָזיגעֶ טייכעֶל האָט נאָך דעֶר בעל־שם זכרונו לברכה געֶבעֶנשט, ווייל מעֶזעֶבּיז, וואו דעֶר בעֶל־שם איז געֶזעֶסעֶן, איז דריי שעה גאַנג פון דראַזשנעֶ, און אלעֶ יאָהר פלעֶגט עֶר קומעֶן אַהעֶר צו־פוס, ווייל עֶר האָט דראַזשנעֶ ליעֶב געֶהאַט פאַר איהרעֶ גאָטספאָרלטיגעֶ מעֶנשעֶן.

אַ גאַנצעֶ וואָך, איהר זאָלט צאָהלעֶן אַ רעֶנדיל פאַר אַ פישעֶל, וועֶט איהר אין דעֶם טייכעֶל נישט געֶפינעֶן; נאָר ווי עֶס קומט דעֶר פרייטאָג, ווייסט מעֶן נישט פון וואָס און פון וואַנעֶן קומעֶן די פיש, אַז יודעֶן זאָלעֶן זיי לכבוד שבת האַפּעֶן. פון וואַנעֶן קומעֶן זיי אָן, ווייסט קיינעֶר נישט, באשר וואָס מעֶן זאָגט, אַז דאָס דראַזשנעֶר טיי־כעֶל פאַלט אַריין אין אַ גרויסעֶן טייך און דעֶר דאָזיגעֶר גרויסעֶר טייך פאַלט אַריין אין ים, חאָטש קיינעֶר האָט דאָס נישט געֶזעֶהן, ווייל דראַזשנעֶר יודעֶן לאָזעֶן זיך בכלל קיינמאָל נישט אוועֶק אין קיין ווייטעֶ נסיעה פון זייעֶר געֶבעֶנשטעֶר שטאָדט.

ברויט האָט אין דראַזשנעֶ אויך קיינמאָל נישט געֶפעֶהלט, ווייל אלעֶ פעֶלדעֶר, וואָס רינגלעֶן אַרום דראַזשנעֶ, זעֶנעֶן תמיד פרוכטבאַרעֶ פעֶלדעֶר; יעֶדעֶן זומעֶר וואַקסעֶן דאָרטין די זאַנגעֶן אַזוי הויך, אַז ווען אַ מעֶנש געֶהט אויף דעֶם פעֶלד, זעֶהט מעֶן קוים אַרויס זיין קאָפּ.

און ווען מעֶן שניידט דאָרטין אָב די פעֶלדעֶר, הויבּעֶן אָן אלעֶ

דר׳שנער יודען צו האַנדלען מיט ברויט, ווײַל ברויט איז דאָרטין פֿון תּמיד אָן זעהר ביליג און מען דאַרף קײַן סך געלד נישט האָבען צו דעם מסחר. מיט אַפּאָר פּוילישע גילדען געהט אַרוים אַ יוד אויף דעם מאַרק, אָדער ער האַפּט זיך אַראָב אין אַ דאָרף און קויפֿט בײַם גוי אַ קאָרעץ קאָרן, אַ זאַק ווייץ אָדער גערשטען, און וואָס נאָר גאָט גיט; דערנאָך שיקט גאָט צו קײַן דראַזשנע עפּעס אַ שלאַק פֿון דער וועלט און קויפֿט אָב בײַ אַלע יודען דאָס ברויט און גיט זיי צו פֿערדינען.

אַזוי זענען זיך מפרנס דראַזשנער יודען פֿון כמה וכמה יאָהרען.

נאָר אין דעם זומער, אַזוינע זומערן זאָלען זיך שוין נישט אומקעהרן, האָט מען גאַנצע צוויי וואָכען יעדען בײַנאַכט געזעהן אויף דעם הימעל אַ פֿײַערדיגע רוט. מיט גרויס שרעק האָבען די אַלטע לײַט געהענדיג פֿון דער שוהל נאָך מעריב־דאַוונען, זיך אָבגעשטעלט אויף דעם פּלאַץ און געקוקט ווי די פֿײַערדיגע רוט שטעהט; זיי האָבען געזאָגט, אַז דאָס ווײַזט אויף גרויסע מלחמות און אַ סך מענשען־בלוט וועט פֿערגאָסען ווערן; טײַל האָבען געזאָגט, אַז קײַן מלחמה וועט נישט זײַן, נאָר דער הײַשעריק וועט קומען און אויפֿעסען אַלע ברויטען און עס וועט זײַן אַ גרויסער הונגער־יאָהר.

ר׳ טביה, דער אַלטער רב, פֿלעגט אויך יעדען אויפֿדערנאַכט זיך שטעלן פֿאַר זײַן שטוב און קוקען אויף דער פֿײַערדיגער רוט, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם הימעל.

און ווען דער גרויסער עולם, וואָס פֿלעגט בעת־מעשה אַרומרינגלען דעם אַלטען רב, האָבען איהם געפֿרעגט: „רבי, זאָגט אונז, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ צייכען אויף דעם הימעל?“ — פֿלעגט ר׳ טביה גאָרנישט זאָגען, נאָר ער פֿלעגט זיפֿצען, און אַז ר׳ טביה האָט אָנגעהויבען זיפֿצען, איז מען שיער נישט געשטאָרבען פֿאַר שרעק.

ערשט אויף דער דריטער וואָך איז די פֿײַערדיגע רוט אַנטרונען געוואָרן און די שטאָדט האָט זיך אויפֿגעהערט שרעקען. נאָר דער אַלטער רב האָט פֿון דער צײַט אָן אָנגעהויבען לענגער בלײַבען נאָך דעם דאַוונען אין דער גרויסער שוהל.

ווען עס איז אָבער אַוועקגעגאַנגען אַ חודש, קײַן רעגענס זענען נישט געגאַנגען און די ברויטען אויף די פֿעלדער האָבען אָנגעהויבען טריקענען, האָט די גאַנצע שטאָדט יודען צוזאַמען מיט ר׳ טביה׳ן, געהענדיג ערב ובוקר פֿון דאַוונען, זיך אָבגעשטעלט אויף, ער גאָס און געקוקט אויף דעם הימעל און געזוכט אַ שטיקעל חמאַרע, — אָבער עס

געהט אוועק א טאָג, נאָך א טאָג, און קיין חמאַרע זעהט מען ניט, און קיין רעגען געהט ניט.

— א הונגער־יאָהר, א גרויסער הונגער וועט זיין! האָבען אלע געזאָגט מיט גרויס שרעק.

מיט יעדען טאָג האָט ברויט אָנגעהויבען טייערער ווערן אויף דעם מארק, גוים האָבען זיך געהייסען אָבגילטען פאַר יעדען קערצעל קאָרן, פאַר יעדען זעקעל ווייץ, יודען האָבען אַזוי פיעל געלד ניט געהאַט צו בעצאָהלען; שפּעטער האָבען די גוים אינגאַנצען אויפגעהערט ברענגען אין שטאָדט צו פערקויפען, און ווען מען איז געקומען צו זיי אין דאָרף, האָבען זיי גאָרניט געוואָלט פערקויפען.

— גאָט שטראָפט אונז און גיט ניט קיין רעגען. מוזען מיר בעהאַלטען פאַר זיך, מיר זאָלען מיט אונזערע ווייבער און קינדער ניט שטאַרבען פאַר הונגער, האָבען די דאָרפס־לייט געענטפערט.

די יודען האָבען זיך אומגעקעהרט אין שטאָדט און אַלץ דער־צעהלט דעם אַלטען רב, און ר׳ טביה האָט זיי געהייסען בעטען גאָט.

יודען האָבען אָנגעהויבען לויפען אין די שוהלען אַריין, אפילו ווייבער האָבען אָנגעהויבען ערב ובוקר געהן אין שוהל דאַוונען, און דראַזשנע האָט אויסגעזעהן ווי ראש־חודש אלול, ווי ערב יום־כפור.

די זון בראָט און ברענט וואָס אַמאָל שטאַרקער.

אין מיטען העלען טאָג געהען אין דער טשערעדע צוריק אין שטאָדט די בהמות מיט לעדיגע אַיטערס, יעדע בהמה געהט זיך צו איהר הויז, שטעלט זיך פאַר דער טהיר און מרוקעט טרויעריג.

זייערע בעל־הבית׳טעס לויפען אַרויס און בעגעגענען זייערע בהמות מיט שרעק.

— וועה איז צו מיר, ערשט אַ האַלבער טאָג און זי איז שוין דאָ צוריק! קלאָגט זיך אַ יודענע, ברעכענדיג די הענד און מיט טרעה־רען אין די אויגען קוקט זי אויף איהר אויסגעמאָגערטע בהמה.

— וואו זאָל איך איהר נעהמען צו געבען עסען, אַז אַ זעקיל „פאַלאָווע״ איז מיט גאָלד גלייך. און וואָס האָב איך פון איהר? — אפילו קיין מילכיגע אָנבייסען קען איך פון איהר מילך ניט מאַכען!

— אַ רחמנות אויף אַ בהמה, רופט זיך אָב אַ דריטע. ניט גע־פונען קיין גראָז אויף דעם פעלד, איז זי געקומען אַ היים און שרייט עסען — פונקט ווי אַ מענש.

אַנשטאָט עסען טראָגט מען אַרויס פאַר די בהמות אַ צובער

וואַסער און מען פערשיט עס מיט אַ זשמעניע קלייען, וועלכע שווימען ארום אייַנציגווייז אויף דעם צובער וואַסער.

די בהמות לעקען אוים די עטליכע קלייען און הויבען ווידער אָן טרויעריג צו מרוקען.

דאָס טייַכעל, וואו מען פלעגט חאַפּען פיש יעדען פרייטאָג, האָט אָנגעהויבען אויסטריקענען, און דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבען אָבפאַלען, אַזוי, אַז אויף אַ סך ערטער, וואו עס איז פריהער געווען וואַסער, האָט מען איצטער געזעהן זאַמד.

אַלע, דער מענש, די בהמה, ציגען און פערד געהען פויל אָבגעלאָזט, אַפילו די העהנער, וואָס מען הערט קרעהען אין שטאָדט אין מיטען טאָג אַ פרעהליכען „קוקעריקו“, קרעהען איצטער מיט אַנ'אַנדער קול; יעדען טריקענט אין מויל, אין האַרצען און אין אַלע אברים; די פעלדער ווערן פערברענט און פון די בוימער אין די וועלדער פאַלען אָב די בלעטער פון גרוים טריקעניש.

— די גאַנצע וועלט וועט פערברענט ווערן, ווען עס וועט נישט געהן קיין רעגען, זאָגען אַלע מיט שרעק.

אַ שטילע המאַרע טראָגט זיך ווידער איבער'ן הימעל, אַלע הויבען אויף די אויגען, קוקען אויף דעם הימעל און אָהן ווערטער, נאָר מיט דעם האַרצען, בעטען זיי ביי דעם, וואָס לעבט אייביג, אַז דאָס שטיקעלע חמאַרע זאָל זיך אָבשטעלן איבער דראַזשנע און אַראָבלאָזען עטליכע טראָפּען, חאָטש דעם טרוקענעם גומען צו דערקוויקען. נאָר דאָס שטיקעלע חמאַרע איילט זיך ערגעץ וויַיט־וויַיט און דראַזשנער הימעל בלייבט ווידער ריין.

אַלע האָבען געזאָגט, אַז די רויטע רוט, וואָס מען האָט געזעהן פאַר עטליכע וואָכען אויף דעם הימעל, האָט בעוויזען, אַז היינטיגען זומער וועט די וועלט פערברענט ווערן. און ערשט איצטער האָבען אַלע פערשטאַנען דעם אַלטען רב'ס זיפצען און פאַרוואָס ער האָט קיינעם נישט געזאָגט, וואָס בעדייט דער פייערדיגער צייכען, וועלכער איז אויף דעם הימעל געשטאַנען גאַנצע צוויי וואָכען.

און די גאַנצע שטאָדט איז געלאָפען צו ר' טביה'ן און מען האָט געוויינט פאַר איהם, אַפילו גוים אין די דערפער זענען געקומען צו איהם, ער זאָל אויסבעטען אַ רעגען ביי דעם, וואָס לעבט אייביג.

ר' טביה האָט איצטער אויך קיינעם נישט געענטפערט, נאָר אַראָבגעלאָזט די הענד...

ווען דער עולם האָט דאָס געזעהן, האָבען אלע אָנגעהויבען וויי־נען און פּילדערן.

אז ר׳ טביה האָט געזעהן, ווי אלע וויינען, האָט ער זיך אָנגע־רופען:

—מאָרגען וועל איך פאָהרען קיין מעזשביז צום בעל־שם און איהם בעטען, ער זאָל זיין א גוטער מליץ פאַר אונז; ער, נאָר ער, קאָן אויסבעטען, אז די וועלט זאָל נישט חרוב ווערען.

אויף מאָרגען איז ר׳ טביה געפאָהרען אויף דעם מעזשביזער בית־עולם צום בעל־שם׳ס קבר. די שענסטע דראזשנער בעלי־הבתים זענען אויף עטליכע פוהרען דעם רב נאָכגעפאָהרען, אָבער אויף דעם בית־עולם איז נאָר דער רב אליין געגאַנגען, און די בעלי־הבתים זענען געשטאַנען מיט גרויס פחד פון דערווייטענס און געוואַרט.

לאַנג איז ר׳ טביה געשטאַנען איבער דעם בעל־שם׳ס קבר און געבעטען און ערשט דערנאָך, ווען ער איז אראָבגעגאַנגען פון בית־עולם, זענען די בעלי־הבתים געגאַנגען צום קבר.

שוין נישט אזוי טרויעריג, נאָר מיט גרינגערע הערצער און פול מיט גוטע האָפנונג זענען די בעלי־הבתים מיט זייער אלטען רב געפאָה־רען צוריק פון מעזשביז קיין דראזשנע.

אפילו דער גוי, וואָס האָט געפיהרט דעם אלטען רב אויף זיין פוהר, האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען און זיצענדיג אויף דער קעלניע האָט ער זיך מיט דעם פּנים אומגעקעהרט צום אַלטען רב און געפרעגט:

— בודע דיזשד?

— יאָק ווין זאַחאָטשע, בודע דיזשד, — האָט דער רב געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף דעם הימעל.

ווען דער רב איז צוריקגעקומען קיין דראזשנע, איז ער גלייך צוגעפאָהרען צו דער שוהל און געהייסען דעם שמש אויסרופען אין אלע בתי־מדרשים און מודיע זיין אין אלע חדרים, אז מאָרגען זאָלען אלע קינדער פון די חדרים און פון דער תלמוד־תורה קומען אין די גרויסע שוהל תהלים זאָגען, און די שטאָדט, אפילו קינדער פון דרייצעהן יאָהר אָן, זאָלען דעם טאָג פאַסטען.

אויף מאָרגען איז מען אין דראזשנע אויפגעשטאַנען פריהער ווי אלע טאָג, אלע מאַמעס האָבען זייערע קינדער אָבגעוואַשען, אָנגעטאָן

אין די שבת׳דיגע מלבושים׳לעך און זיי פריהער ווי אלע טאָג אוועקגע־שיקט אין הדר.

אלע קליינטען האָט מען אין דעם טאָג פערמאַכט.

א שטילע היץ איז געשטאַנען. דער הימעל איז געוועזן לויטער, די זון האָט מוראַ׳דיג געברענט, מיעד און מאַט פון דער גרויסער היץ איז דער עולם נעגאַנגען צו דער שוהל און געבליבען שטעהן אין דרויסען אויף דעם ברייטען פלאַץ, וואַרטענדיג ביז מען וועט פריהער די קינדער פון די חדרים פיהרען אין שוהל אריין.

אפילו ר׳ טביה מיט די שענסטע בעלי־הבתים זענען געבליבען שטעהן פאַר דער שוהל, וואַרטענדיג ביז די אלע קינדער וועלען פריהער אריינגעהן.

די זון האָט נישט אויפגעהערט צו ברענען.

— אוי, ווי היים איז היינט, האָט יעדער געזאָגט אָטעמענדיג שווער און ווישענדיג זיך מיט די פאַלעס די טראָפען שווייס פון פנים.

אלע דאָרפס־גוים, וואָס האָבען זיך געפונען אין שטאָדט, זענען אויך אָנגעקומען שטעהן אויף דעם פלאַץ פון דער גרויסער שוהל, אויסוואַרטענדיג, ביז וואַנען די יודישע קינדער וועלען ביי גאָט אויסבעטען א רעגען, און זייערע ברויטען וועלען אויף די פעלדער געראַטעוועט ווערען פון טריקעניש.

די קינדער האָבען אָנגעהויבען צו געהן חדרים־וויז, מיט זייערע רבי׳ס פון פאָרענט און בעהעלפערס ביי דער זייט. אויסגעמוטשעט און בלאַס זענען די קינדערס פנים׳לעך פון לערנען אין אזויגע גרויסע היצען אין אזויגע לאַנגע טעג. די קינדער געהען קוים פון גרויס היץ, די שוואַכערע טראָגען די בעהעלפער צו צוויי און צו דריי אויף די פלייצעס.

אלע בענק פון מזרח־וואַנד ביז צו דער טיר, וואו דאָס פאַס וואַסער שטעהט, זענען בעזעצט מיט חדרים־קינדער; פאַר די בעלי־הבתים און אפילו פאַר ר׳ טביה׳ן איז קיין אָרט נישט געבליבען, וואו צו זיצען.

דער רב מיט עטליכע פון די שענסטע בעלי־הבתים זענען אריין אין שוהל, זיך געשטעלט ביים בעלעמער, און דער איבעריגער עולם איז געבליבען אין די פאַלעש און אויף דעם פלאַץ פאַר דער שוהל.

די ווייבערשע שוהל איז אויך געוועזן פול געפאַקט מיט ווייבער, וועלכע האָבען געטאָן בעטען גאָט, אז ער זאָל צוהערען די תפילות פון

ווײַערע קינדער און ער זאָל געבען באַלד אַ רעגען .

דער שמש האָט געגעבען דרײַ קלעפּ אויף דעם בעלעמער ; עס איז שטיל געוואָרען , אפילו פון דער ווײַבערשער שוהל האָט מען אויפגעהערט צו ווײַנען .

דער חזן האָט מיט אַ האַרצרײַסענדיג קול אָנגעהויבען די תפילה און הונדערטער=הונדערטער דינינקע קול׳כעלעך האָבען אָנגעהויבען נאָכזאָגען .

— „תן טל ומטר על פני האדמה, ומלא ידינו מברכותיך ומעושר מתנת ידך, שמור והצל שנה זו מכל דבר רע, ומכל מיני פרעניות״— גיב טוי און רעגען אויף דער ערד , זעטיג די גאַנצע וועלט מיט דעם רײַכטום פון דײַן האַנדס=גאָב, היט און רעטע הײַנטיגס יאָהר פון יעדער שלעכטער זאַך און פון אַלע מינים בעשטראָפונג .

באַלד ווי דער גרויסער עולם , וואָס איז געשטאַנען אויף דעם ברײַטען פּלאַץ פאַר דער שוהל , האָבען דערהערט די פיעל קינדערשע קול׳כעלעך , האָבען זײַ מיט טרעהרען אין די אויגען אָנגעהויבען קוקען אויף דעם הימעל , צי קומען נישט אָן קײַן חמאַרעס , און פון דער ווײַבערשער שוהל האָט זיך געהערט ווײַנענדיגע קולות , אַז די שוהל האָט געציטערט .

דער שמש האָט ווידער דרײַ קלעפּ געטאָן , און ווען עס איז פון די ווײַבערשע קולות שטיל געוואָרען , האָבען די קינדער ווידער נאָכגעזאָגט : „חוס ורחם עלינו ועל כל תבואתנו ופרותינו וברכנו בגשמי ברכה ונזכה לחיים ושובע״ — האָב מיטלײַד און דערבאַרים דיך אויף אונז און אויף אונזערע תבואות און פּירות און בענש אונז מיט אַ געבענשטען רעגען , דאָס מיר זאָלען זוכה זײַן לעבען צו זאַט .

ווי עס איז געקומען צו די ווערטער „ותתנהג עים בניך במדת הרחמים״ — און בעגעה זיך מיט דײַנע קינדער מיט דער מאָס פון ערבאַרמונג , — האָט דער גאַנצער עולם בעשײַנפּערליך געזעהן , ווי אויף דעם הימעל האָבען אָנגעהויבען זיך בעווײַזען ערטערווײַז שטיקער און שטיקלעך בלויע חמאַרעס .

— דוכט זיך , עס קאַפּעט , האָט אײַנער פון עולם , וואָס איז געשטאַנען אויף דעם פּלאַץ פאַר דער שוהל זיך אָנגערופען , און טויזענדער הענד האָבען זיך אויסגעשטרעקט אין דער לופטען , אפשר וועט פאַלען אויף זײַ טראָפּענס רעגען .

די טויזענדער הענד האָבען זיך אָבער באַלד אראָבגעלאָזט , ווײַל

קיין טראָפּענס רעגענס איז נישט געפאַלען.

— איך וואָלט געקאָנט שווערען, אז עס האָט געקאַפּעט, האָט זיך ווידער איינער אָבגערופען.

— עס האָט זיך אויסגעוויזען, האָבען א סך קולות געענטפערט, טרויעריג און ווייטער געקוקט אויף דעם הימעל, ווי אזוי די חמארעס געהען: אָט בעהאַלט זיך די זון און אָט קוקט זי ווידער ארויס צווישען די חמארעס, ווי מיט איין אויג, און רייצט זיך מיט דראָזשנער יודען, וועלכע הערען נישט אויף מיט די פאַלעס אָבצעווישען די טראָפּענס שווייס, וואָס רינען פון פּנים.

נאָכדעם ווי די חדרים-קינדער האָבען אָבגעזאָגט די עטליכע קאַפּיטלעך תהלים, האָט ר' טביה א קוק געטאָן דורך די שוהל-פענסטער אויף דעם הימעל און דערזעהן, ווי די חמארעס זענען זיך צוגאַנגען; ער האָט א גרויסען זיפץ געטאָן און איז אזוי טרויעריג געוואָרען, אז די בעלי-הבתים, וואָס זענען געשטאַנען נעבען איהם ארום דעם בעלעמער, האָבען קיינמאָל זייער רב נישט געזעהן אזוי טרויעריג; יעדער האָט מורא געהאַט ר' טביה'ן צו פרעגען, ווייל אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף די הענד, האָט ער זיך שטאַרק פערטראַכט.

אין שוהל איז ווידער שטיל געוואָרען.

פּלוצים האָט ר' טביה אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך ארומגעקוקט אויף אלע פיער זייטען, ווי גלייך ער האָט זיך אָבגערופען צו די מלמדים פון די חדרים:

— וואו זענען די תלמוד-תורה-קינדער?

אלע האָבען זיך אומגעקוקט איבער דער שוהל און געענטפערט:

— די תלמוד-תורה-קינדער זענען נישטאָ.

— לויף און זאָג, אז איך האָב געהייסען, די תלמוד-תורה-קינדער זאָלען באַלד קומען אין בית-המדרש, האָט ר' טביה געזאָגט דעם שמש.

דער שמש איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון אָרט.

— וואָס שטעהסטו? לויף גיך און ברענג די תלמוד-תורה-קינדער! האָט ר' טביה אָנגעשריען אויף דעם שמש.

— רבי, האָט דער שמש זיך אָבגערופען, נאָך נעכטען, ווען איהר האָט מיר געהייסען אויסרופען, אז די קינדער פון די חדרים זאָלען היינט קומען זאָגען תהלים, בין איך געווען אין תלמוד-תורה און דאָרטען מודיע געווען, וואָס איהר האָט געהייסען...

— פאַרוואָס־זשע זענען זײ נישט געקומען?

— זײ האָבען נישט אין וואָס צו געהן, קענען זײ נישט קומען; זײ זענען באָרוועס און נאַקעט, עס איז נישטאָ, ווער ס'זאָל זײ אַפילו אַרומוואַשען, זײ האָבען נישט קײן טאַטע־מאַמע...

— גענוג! האָט דער רב איבערגעשלאָגען דעם שמש'ס רעד: — באַלד זאָל מען ברענגען אַהער אַלע תּלמוד־תּורה־קינדער; ווען נישט, וועט די וועלט פערברענט ווערען. און דער אַלטער רב האָט זיך צע־וויינט.

ווען מען האָט דאָס דערהערט, איז דער גאַנצער עולם, מאַנס־בילען און ווייבער, ווי אַ פײל פון בויגען געלאָפען ווײט אונטער דער שטאָדט אין תּלמוד־תּורה אַרײן. ווייבער און די לײטישסטע בעל־הבית'טעס האָבען גענומען וואַשען און אויסצוואַגען די קינדער, געשיקט אַהײם ברענגען פון זײערע קינדער ווײסע העמדליך און מלבושים'לעך און דער עולם מיט די שענסטע בעלי־הבתּים האָבען זײ אויף די הענד געבראַכט אין שוהל אַרײן, ווײל די תּלמוד־תּורה־קינדער האָבען פון שוואַכקײט קײן כח נישט געהאַט צו געהן מיט די פיסלעך...

ר' טביה האָט געהײסען דעם חזן נאָך אַמאָל אָנהויבען די תּפילה.

און ווי די תּלמוד־תּורה־קינדער מיט זײערע שוואַכינקע, קרענק־ליכע, דינינקע קינדערשע קול'כעלעך האָבען איהם אָנגעהויבען נאָכזאָ־גען די ערשטע ווערטער: „תּן טל ומטר על פני האדמה", איז פון אַלע שטיקלעך חמאַרע אויף דעם הימעל געוואָרע ווי אײן שטיק, גאַנ־צע בערג שוואַרצע חמאַרעס האָבען פון אַלע עקען אָנגעהויבען לויפען, אַריבערשפּרינגען אײנס איבער דעם אַנדערן, און נאָך עטליכע בליצען מיט דונערן האָט אָנגעהויבען געהן אַ שטילער וואַרימער זומער־רעגען.

ווען דער רעגען האָט אָנגעהויבען געהן, איז דער אַלטער רב אַרויסגעגאַנגען פון דער שוהל, זיך אָבגעשטעלט אויף דעם פּלאַץ, אַראָבגענומען דעם ספּאָדעק פון קאָפּ, דערנאָך די יאַרמעלקע און אַ פּאָר מינוט געלאָזט געהן דעם רעגען איבער זײן ווײס־גרויען קאָפּ און מיט דער האַנד געוואַשען דעם קאָפּ מיט רעגען־וואַסער.

— אַזאַ רעגען איז אַ רפואה פאַר דעם מענשען און פאַר אַלע, וואָס גאָט האָט זײ בעשאַפען אויף זײן וועלט, — האָט דער אַלטער רב געזאָגט, שטעהענדיג אָהן דער יאַרמעלקע אונטער דעם רעגען.

דאָס ערשטע מאָל האָט דער גאַנצער עולם געזעהן זייער אַלטען רב בגלוי ראש.

דריי טעג און דריי נעכט איז דער רעגען געגאַנגען; די פעלדער האָבען זיך אָנגעטרונקען, דאָס דראָזשנער טייכעל האָט זיך אָנגעפּילט און אַלץ האָט אויפגעפרישט און אויפגעלעבט, ווי נייגעבוירען.

פון דעמאָלט אָן, ווען די אַלטע לייט אין דראָזשנע זעהען בין מנחה למעריב, ווי די זון פערגעהט גרויס, ברייט און פייערדיג, אַז עס זעהט אויס, ווי אַ האַלבער הימעל ברענט אין טויזענדערליי פייערן, דערצעהלען זיי, אַז ווען אין יענעם טאָג זאָל מען חס־ושלום נישט געווען באַלד ברענגען די תלמוד־תורה־קינדער אין שוהל אריין, — וואָלט אין דעם יאָהר די זון די וועלט פערברענט.

# בעשײנט די התונה.

(ערצעהלונג).

---

עס איז געװען א שענער ליכטיגער אלול־טאג. און װען די טעג פון אנהויב חודש אלול זענען אומעטום ליכטיג און שען, זענען זײ צװײ מאל שענער און ליכטיגער אין בעסעראביע. דאס שענקײט און ליכטיגקײט זעהט איהר דענסטמאל אין דער נאטור — אין דער צײטיגער, אויסגעװאקסענער פרײלין זומער־לעב, װעלכע מען קען גלײך פיהרען אונטער דער חופה, מען טאר זי װײטער נישט לאזען זיצען און מוידען זיך, װײל זי קען נאך אבבליהען און איבערװאקסען... װי שען איז זי דענסטמאל אין איהר האניג־חודש אלול. די צײטיגע צװײגלעך װײנטרויבען בויגען זיך פון שװערקײט צו דער ערד און בעטען זיך בײ די דורכרײזענדע און פוסגעהער, מען זאל זײ אברײסען און פערזוכען.

אין אײנעם פון די דאזיגע טעג בין איך געפאהרען פון בעלז קײן פאלעשט, א רײזע אינגאנצען פון פירציג װערסט װײט. אהן שום זאכען און פעקלעך, נאר אזוי װי איך שטעה און געה האב איך זיך אין שענעם אלול־טאג אריינגעזעצט אין דעם גרויסען װאגען פון דעם בעל־עגלה אלס „א גרינג פארשװינדעל", װי דער בעל־עגלה האט מיך א נאמען געגעבען.

דער װאגען איז געװען פול מיט פארשװינען. שוין ארויספאהרענ־דיג האב איך זיך אנגעהויבען ארומקוקען אויף מײנע שכנים אין װאגען, עפעס זענען זײ נישט געװעהנטליכע פארשװינען: יודען מיט געדיכטע שװארצע בערד, געזונטע געזיכטער, די הויט פון זײערע פנים׳ער

איז טונקעל=בראָנז, אָבגעבּרענט פון דער זון, שוואַרצע הענד מיט בּראָדעווקעס פון שווערער אַרבּייט, און אַלע זענען אָנגעטאָן נישט קיין אַלטע פערשמירטע קליידער, וואָס מען געהט בּעת אַרבּייט אָדער אין וועג, נאָר מיט לאַנגע קאַפּאָטעס פון בּיליגען שוואַרצען געוואַנט, קיין איינציגען פלעק וועט איהר אויף זייערע קאַפּאָטעס נישט געפינען, אויף דעם קאָפּ שוואַרצע נייע היטלען אויך פון געוואַנט, די שטיוועל זענען בּיי יעדען אָבגעפּוצט אָדער גוט אויסגעשמירט מיט עפּעס אַ שמיר־רעכץ, וואָס מאַכט ווייך דעם לעדער, און ווען מיר זאָלען זיך איצטער נישט געפינען אויף דעם וואָגען, וואָלט מען נאָך זייערע מלבּושים געקענט מיינען, אַז היינט איז שבּת אָדער יום=טוב.

יעדער איז געזעסען אויף זיין אָרט רוהיג און פעסט, ווי צוגעקאָוועט, און עס האָט זיי גאָר נישט געאַרט אַזוי ווי מיך דאָס שטאַרקע טרייסלען פון דעם שווערען וואָגען, וועלכער איז געשפּרונגען איבּער דעם פעלד=שליאַך פון פערטריקענטער בּלאָטע. די פּאַרשוינען זענען געזעסען אויף דעם וואָגען פעסט און רוהיג, ווי אויף אַ בּאַנק בּיי זיך אין דערהיים, און קיינער פון זיי האָט זיך נישט געקלאָגט אויף די שלעכטע און ענגע פּלעצער, חאָטש יעדען פּאַרשוין, אויסער די מיטעל־סטע, איז אויסגעקומען צו זיצען אויף אַ האַלבּען פּלאַץ, און אַ טייל האָבּען אפילו נישט געהאַט וואו די פיס צו האַלטען אין וואָגען און זיי האָבּען זיך נאָכגעהאָנגען און נאָכגעבּאָמבּעלט פון יענער זייט וואָגען.

מען איז געפאָהרען און קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט.

די דאָזיגע יודען מיט די געדיכטע שוואַרצע בּערד, בּרייטע פּלייצעס און מיט אָבגעבּרענטע געזיכטער, האָבּען געקוקט אויף איך מיט גוטע שוואַרצע קאַרשענע אויגען. אין זייערע פּראָסטע בּרייטבּיינער־דיגע געזיכטער האָבּ איך נישט געפונען דאָס עזות'קייט און דעם איבּערגעשפּיצטען, חוצפּה'דיגען בּליק, וואָס די שווערע יודישע ווינט־פּרנסות האָבּען אויסגעאַרבּייט אויף דאָס רוב יודישע פּאַר'צרות'דיגע פּנים'ער. אין די פּנים'ער פון מיינע פּאַרשוינען אין וואָגען האָט מען בּאַלד דערקענט, אַז דאָס זענען מענשען אָהן חכמות, מענשען וואָס ווייסען מעהר נישט ווי שווער צו אַרבּייטען דעם גאַנצען טאָג און שלאָפען געשמאַק די גאַנצע נאַכט כּדי אָנצוקלייבּען כּחות, אויף דעם צווייטען טאָג צו אַרבּייטען.

מיר זענען שוין אָבּגעפאָהרען אַ פּאָר ווערסט אויסער דער

שטאָדט. די גוטע לופט פון די װעלדער און נאַר־װאָס אָבגעשניטענע פעלדער האָט אונז אַלע אַרומגעחאַפּט און מײַנע פאַרשװינען זענען פון די געשמאַקע ריחות אַנדרימעלט געװאָרען װי פון אַ טײַערן שלאָפגע־טראַנק. טײל זענען געשמאַק געשלאָפען און טײל האָבען גע־דרימעלט מיט האַלב אָפענע אויגען, די ברעמען האָבען זיך אויפגעהױ־בען און װידער אַראָבגעלאָזט, אַ קוק געטאָן און װידער זיך פערמאַכט.

פלוצים רופט זיך אָן אײנער, װאָס האָט זיך אויך געראַנגעלט שטאַרק מיט דעם שלאָף:

— אַ גאַנצע נאַכט געאַרבײַט, צװײ נעכט נישט געשלאָפען... אַזאַ גוטע מחיה׳דיגע לופט... דרימעלט זיך...

דאָס איז געװען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר 28, שוין מיט אַ היבש שװאַרץ בערדעל, אָנגעטאָן מיט אַ נײַער קאַפּאָטע פון שװאַרצען גע־װאַנט. ער איז געזעסען אין דערמיט װאָגען פונקט אַקעגען מיר.

איך האָב זיך זעהר געפרעהט, װאָס ענדליך האָט זיך אײנער אָנגערופען מיט אַ װאָרט:

— מיט װאָס־זשע זענט איהר עס געװען פערנומען די צװײ נעכט? האָב איך געפרעגט.

— מיר האָבען בעדאַרפט אַרבײַטען, מיר זאָלען הײַנט קענען פאָהרען... מיר זאָלען מעהר נישט דאַרפען אָבלעגען די חתונה...

און ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער איז אַ קאָװאַל און זײַן טאַטע איז אַ קאָװאַל און ער אַרבײַט נאָך אין טאַטענס „קוזניע", אַז נאָך זײַן חתונה מאַכט ער אַנ׳אײגענע „קוזניע" — די חתונה — האָט ער װײַ־טער דערצעהלט—האָט מען שוין אָבגעשטעלט אויף שבת נאָך שבועות, מען האָט שוין אפילו לעקעך געבאַקען, נאָר דאָ איז אָנגעלאָפען אַ פּריצ׳ל פון אַ פאַבריק און האָט געגעבען אַ סך אַרבײַט און נײטיגע אַרבײַט, מען איז אויף דער חתונה נישט געפאָהרען. עטליכע װאָכען האָט מען געאַרבײַט פאַר דעם פּריצ׳ל, דערנאָך איז אָנגעלאָפען די „דרײַ װאָכען", האָט מען װידער נישט געקענט מאַכען די חתונה און מען האָט זי אָבגעשטעלט אויף הײַנט. הײַנט איז די חופּה אין פאַלעשט, און װי אויפצולעצעניש איז די װאָך געװען אַ סך אַרבײַט און מיר האָבען די גאַנצע נעכט געאַרבײַט, מיר זאָלען קענען הײַנט פאָהרען אויף דער חתונה...

דאָס אַלעס האָט מיר דערצעהלט דער חתן און מיר אָנגעװיזען אויף זײַן טאַטען, װעלכער איז געשמאַק געשלאָפען אויף דעם װאָגען.

— ווער־זשע זענען די? האָב איך געפרעגט אויף די איבעריגע פּאַרשוינען, וועלכע זענען געפאָהרען מיט אונז.

— דאָס זענען אויך קאָוואַליעס, גוטע פריינד און גוטע בעקאַנטע, וועלכע מיר האָבען געבעטען אויף דער חתונה. די גאַנצע פוהר האָבען מיר געדונגען...

— ווי־זשע קומט עס, איהר זאָלט לאָזען דעם בעל־עגלה נעה־מען א פרעמדען פּאַרשוין, אז איהר האָט געדונגען די גאַנצע פוהר? האָב איך געפרעגט, וואונדערנדיג זיך, ווי קום איך דאָ אויף דעם וואָגען צווישען מחותנים.

— וואָס אַרט אונז, דער בעל־עגלה האָט געבעטען, מען זאָל איהם לאָזען נעהמען „אַ גרינגען פּאַרשוין", אָהן זאַכען, וואָס־זשע אַרט אונז—זאָל אַ יוד פערדינען נאָך אַ פּאָר גילדען... זיינע פערד שלעפּען... אזא פּאַרשוין, ווי איהר זענט; פאַרוואָס נישט? עס איז נאָך פרעהליכער... אז איהר וועט זיין אזוי ליעב און וועט זיך מטריח זיין קומען צו מיר אויף דער התונה — צו דער חופה־וועטשערע, וועלען מיר אייך זאָגען א שענעם דאנק... מיר בעטען אייך...

דער חתן האָט מיר ווייטער דערצעהלט, אז זיין מוטער איז פאַר צוויי יאָהרען געשטאָרבען און דעריבער פאָהרען נישט קיין ווייבער אויף דער חתונה... קיין סך קרובים האָט ער נישט אין בעלז...

---

## II.

בעסעראַביע, איז בערימט נישט נאָר מיט איהר ויין, וויינטרויבען, ניס און פלוימען, נאָר אויך מיט איהרע בערג און איהרע טאָלען, וואו עס וואַקסען דאָס רוב די וויינטרויבען. אויף א גלייכען וועג קומט נישט אוים אין דער געגענד לאַנג צו פאָהרען, נאָר אָדער באַרג־ארויף אָדער באַרג־אראָב. גאַנץ אָפט קומט אויך אוים, ארומצופאָהרען דעם באַרג אויף א שמאָלער שטעשקע, נישט גרעסער די ברייט פון דעם וואָגען, און ווען מען פאָהרט אפילו מיט גוטע פערד איז מען זיכערער, אז מען געהט נאָך דעם וואָגען, ווי זיצען אויף איהם, כדי מען זאָל זיך נישט פון באַרג אראָבקאַטשען אין א טיעפען טאָל.

און אין די פיערציג ווערסט פון בעלז ביז פאַלעשט איז אונז

אױ סגעקומען נישט אײַנמאָל נאָכגעהן דעם װאָגען צו פוס.

װען מיר זענען דאָס ערשטע מאָל פאַר אַ באַרג אַראָבגעקראָכען פון װאָגען, האָב איך צװישען די מחותנים פלוצים דערזעהן אַ נײַעם פאַרשױן, װעלכען איך האָב ביז איצטער נישט בעמערקט.

גאָר אַנדערש האָט דער נײַער פאַרשױן אױסגעזעהן און מיט קײן זאַך נישט גלײַך געװוען צו די אַלע איבעריגע פאַרשױנען פון אונ־זער װאָגען.

אַ קלײן דאַר יודעל פון אַ יאָהר עטליכע און דרײַסיג, אַ קאָפּ מיט געקרײַזעלטע האָר, פון אונטען געשױרען אַ פּאָלקע, און מיט אַ געשױרען, שיטער, געל בערדעלע. די הױט פון זײַן פּנים איז װײַס און לױטער, נאָר אַ ביסעלע קלײַנעלדיג; די הענד זענען װײַסע, רײַנע, װי העלעטלעך פון אַ זיבעצעהניעהריג מײדעל. ער געהט אַ שװאַרצען ראָק קורץ, נאָר ביז אין די קניען, אַ געפּרעסטען קאָלנער מיט אַ קאָלירטען האַלזטיכעל, דאָס גאַנצע האַרץ פּערדעקט מיט אַ העל קאָ־לירטע קאַמזױלקע פון שטאָף, װאָס װײַבער נײַהען זיך זומער־קלײדער. דערצו האָט ער געטראָגען געקעסטעלטע האַלבליכטיגע הױזען און מיט װאַרשעװער שטיבלעטען אױף קנעפּליך געשפּיליעט.

אױף דעם קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ נײַע שװאַרצע היטעל מיט אַ שמאָלען דעק און אַ לאַקירענעם דאַשעק.

װי אַזױ האָב איך אַזאַ פאַרשױן ביז איצט נישט בעמערקט, האָב איך זיך נישט געקענט פּותר זײַן. עפּעס װי פון דער ערד איז ער דאָ פון אונטער דעם באַרג אױסגעװאַקסען. אין אָנהױב האָב איך געמײנט, אַז ער איז דאָ אָנגעקומען מיט אַן׳אַנדער פוהר, נאָר איך האָב קײן אַנדער פוהר אױסער אונזערע נישט געזעהן.

מיר זענען אַלע שװײַגענדיג נאָכגעגאַנגען נאָך אונזער װאָגען, װעלכער האָט זיך פּאַמעליך געשלעפּט איבער אַ שמאָל שלענגעלדיגער שטעשקע, װאָס האָט זיך, װי אַ לענטע, געצױגען אַרום אַ פערװאַקסע־נעם גרינעם באַרג.

נישט אױפגעהערט צו רעדען האָט גאָר דער נײַער פאַרשױן.

— האָב איך עס געחאַפּט אַ דרימעל אין װאָגען... גאָר אַ מחיה... איצטער װעט מען קענען טאַנצען אױף דער חתונה אַ גאַנצע נאַכט...

ער האָט די װערטער אַרױסגערעדט אַזױ לעבעדיג און פרעהליך, און געמאַכט דערבײַ מיט אַלע אברים, אַז עס האָט זיך מיר אױסגע־

ווידזען, אַז מיט זיינע וואָרשעווער שטיבלעטען אויף קנעפּלעך מאַכט ער „אַ פּאַ” אַזוי געהענדיג נאָך דעם וואָגען אויף דעם באַרג אַרויף. ווען מיר זענען אַרויסגעקומען אויף אַ ברייטערן וועג און דעם באַרג אויף אַ סך אויסגעפּעהלט, האָט זיך דער לעבעדיגער פאַרשוין נאָכמעהר צו־רעדט.

—עי, מחותנים, מחותנים, וואָס שווייגט איהר? אַזוי פאַהרט מען עס אויף אַ חתונה? ווען איך בין מיט אונזערע ברידער געפאָהרען אויף אַ חתונה, האָט מען דאָס געחאַפּט אַ לעבּ! עך, ברידערלעך, ברידע־ריונו, וואו זענט איהר? אויף דעם דנאָ פון וואָגען איז געלעגען אַ פּופּצעהן־עמערדיג פאַס וויין און יעדער פאַרשוין זיצענדיג אין וואָגען האָט זיך געמאַכט אַ דין צעפּעל און דורך אַ שטרוי האָט זיך יעדער גע־זופּט אַ גאַנצען וועג, און פאַר דער שטאָדט האָט מען דאָס ליידיגע פאַס אַרויסגעוואָרפען פון וואָגען. ווער וועט דאָס ווּלען פיהרען אַ ליידיג פאַס אויף אַ חתונה? ווי זאָגט איהר? איהר זענט דאָך אַ וועלט־מענש און אויסגעזעהען אַ וועלט.

מיט די לעצטע ווערטער האָט ער זיך פּלוצים געווענדט צו מיר, קוקענדיג אויף מיין נייעם שטרויענעם קאַפּעליוש, וואָס איך האָב נישט לאַנג אין די הייסע טעג געקויפט. אויף די פּראָסטע, נאָר ערנסטע גע־זיכטער פון די מחותנים האָט זיך אויף אַ רגע בעוויזען אַ צופרידענהייט פון דעם פרעהליכען פאַרשוינס דרשה׳נען און אויף דעם פּנים פון חתנ׳ס טאַטע האָט זיך מיט שווערקייט געוויזען אַ פּאָר קנייטשען פון אַ שמייכעל, וועלכע זענען באַלד פערשוואונדען געוואָרען.

— ווער איז ער? האָב איך אַלץ געטראַכט, ווי קומט ער צו זיי? שוין־זשע איז ער אויך דאָ צווישען די מחותנים אַ צופעליג „גרינג פאַרשווינדעל” אַזוי ווי איך?

III.

ווען מען האָט אויסגעפּעהלט דעם גאַנצען באַרג און מיר האָבען געזעהען פאַר זיך אַ ברייטען וועג מיט פרייע פעלדער, האָט זיך דער וואָגען אָבגעשטעלט און אַלע האָבען זיך אַרויפגעחאַפּט אויף איהם און דאָס פרעהליכע פאַרשווינדעל האָט פערחאַפּט אַ פּלאַץ נעבען מיר,

חאָטש פריהער איז דאָ אַנ׳אַנדערער געזיגסען.

דעם גאַנצען וועג האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדען און זיך אַלץ געווענדט צו מיר מיט זיינע רייד און אויף זיין פּנים האָט מען געקענט איבערלייענען:

— וואָס פערשטעהט איהר, קאָוואַלעס, מעהר נישט ווי אַ פּאָד־קאָווע פון אַ פערד. רעדען קען מען נאָר מיט דעם מענשען.

און דער גאַנצער עולם האָט מיט אָבשיי און דרך־ארץ געהערט, וואָס „מיר" רעדען פון וועלט־זאַכען, חאָטש גערעדט האָט נאָר ער אַליין.

— איהר זענט אַודאי נישט קיין בעסעראַבער, מען דערקענט דאָס באַלד אָן אייך, האָט ער זיך געווענדט צו מיר און פּלוצים אי־בערגעביטען דעם טאָן פון אַ ווערטעל־זאָגער און אָנגעהויבען רעדען מיט מיר אויף אַנ׳ערנסטען טאָן וועגען פּאָליטיק, איבערהויפּט וועגען ביסמאַרקען, וועגען דער ענגלישער מלוכה, וועגען מאָנטעפיאָרען, מיט דעם מאַראָקאַנישען סולטאַן, וועגען רויטשילדען און באַראָן הירש מיט זייערע מיליאָנען־מיליאָנען.

דער גאַנצער עולם, הערענדיג אַזוינע גרויסע נעמען מיט אַזוי פיעל מיליאָנען־מיליאָנען. האָבען זיך זיצענדיג אויף דעם וואָגען גערוקט נעהנטער צו אונז, דער מיט דעם אויער און דער מיט דער פּלייצע. און אויף דעם פּנים פון פרעהליכען פּאַרשוין האָב איך איבערגעלייענט בעת מעשה:

— מיט אייך, בעסעראַבער מאַמעליגעס, קען מען דען אַ וואָרט רעדען? אָט מיט וועמען מען קען רעדען.

און באַלד האָט ער דעם געדאַנק אַרויסגעזאָגט אָפען, וועגדענדיג, פערשטעהט זיך, צו מיר:

— איך בין זיך מחיה, אַז איך בעגעגען אַ מענשען פון אַ גרויסער שטאָדט, מיט וועמען איך קען רעדען.

אויף דעם גאַנצען עולם און נאָך מעהר אויף דעם חתנ׳ס טאַטע האָב איך געזעהען ווי זיי האָבען נחת און קוועלען אָן, וואָס דער פרעה־ליכער פּאַרשוין רעדט פון אַזוינע הויכע זאַכען און עפּעס נצחונ׳דיג געוואַלט מיר דערוויזען, אַז נישט נאָר איך אַליין ווייס פון אַ וועלט, עס געפינט זיך נאָך איינער, וואָס ווייסט...

דער פרעהליכער פּאַרשוין, פיהלענדיג זיין גרויסקייט געגען זיי און זיין נצחון געגען מיר, האָט נישט אויפגעהערט צו רעדען און נאָר

מיט מיר, מיך נישט אָבגעלאָזט אויף קיין מינוט.

איך האָב פערשאָלטען מיין נייעם שטרויענעם קאַפּעליוש און מיט מיינע אויגען געזוכט אויף אַלע זייטען פון די ברייטע פעלדער עפּעס אַ הילף, ווי זיך צו ראַטעווען פון זיינע „הויכע שמועסען”.

און די הילף איז באַלד געקומען אין דער געשטאַלט פון אַ הויכען געדרעהטען באַרג, פאַר וועלכען מען האָט געמוזט דרך־ארץ האָבען און אַראָבקריכען פון וואָגען.

מיר איז געראָטען צו געהן בעזונדער אויף דעם שמאָלען שליאַך צוזאַמען מיט דעם חתנ׳ס טאַטע.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער איז ער — אייער אַ קרוב? האָב איך איהם געפרעגט אויף דעם רעדעווריגען פאַרשוין.

— ניין, נאָר איך האָב איהם געבעטען אויף דער חתונה. ער איז אַ דאַמסקע שניידער אין בעלז. איך האָב איהם מיטגענומען, ער זאָל בעשיינען די חתונה, — האָט מיר דעם חתנ׳ס טאַטע געענטפערט, פערשטעהענדיג אַפּנים, אַז מיך וואונדערט, ווי קומט אַ דאַמסקע שניידער צו אַ קאָוואַל.

— וואָס הייסט בעשיינען די חתונה? האָב איך פערוואונדערט געפרעגט.

— פערשטעהט איהר מיך, ווי איהר זעהט, זענען מיר פּראָסטע מענשען, און אויף אַ חתונה קומט מען זיך צוזאַמען מיט מענשען, מיט לייטישע מחותנים. איך האָב געטאָן אַ שידוך מיט מיין זוהן, ברוך השם, נישט מיט קיין בעלי־מלאכות, די כלה איז פון בעל־הבתישען שטאַנד. אַז מען קומט צווישען לייטישע מענשען, מוז מען עפּעס אויך ויסען וואָס צו רעדען, און וואָס קענען מיר, פּראָסטע בעלי־מלאכות, רעדען? אויף דער חתונה וועט זיין דער רב און פיינע בעלי־הבתים; נאָ האָב איך איהם מיטגענומען, ער וועט שוין ויסען ווי אויסצושטעלען זיך, און ווידער אפשר קומט נאָך עפּעס פאַר צווישען די מחותנים פאַר דער חופּה, מען דאַרף נאָך צוטראָגען אַכציג קערבלעך צום נדן, הונדערט מיט צוואַנציג קערבלעך האָט מען שוין געלעגט — מיין זוהן, זאָל לעבען, נעהמט צוויי הונדערטער נדן, אחוץ מלבושי כבוד פאַר דער כלה. דער חתן איז אַ יתום, קיין מאַמען האָט ער נישט, וואָס זאָל זיך שטעלען פון חתנ׳ס צד, איך קען נישט רעדען, און ער, אָט דער דאַמסקע שניידער, וועט שוין ויסען ווי אויסצוטענה׳ן זיך, מען דאַרף איהם נישט פּיקען די צונג. האָב איך איהם מיטגענומען, זאָל

פון חתג׳ם צד אויך זיין א מענש . איהר האט דאך גערעדט מיט איהם, געהערט זיין רעדען , זיין פסק . איך זאג אייך , מיר טוט זעהר הנאה, וואס איך האב איהם מיטגענומען . איהר זעהט דאך אליין , וואס פאר א פרעהליכען וועג מיר האבען אדאנק איהם . וואס פאר א וועג , וואס פאר א חתונה וואלט געווען אהן איהם ? מיר וואלטען דעם גאנצען וועג אבגעשלאפען . גלויבט מיר , איך האב אמת פערגעניגען, וואס ער פאהרט מיט אונז , און פון הערען איהם רעדען , אהר האט דאך גע־הערט ווי ער רעדט . . .

נאך א צוויי מאל אראבקריכען און ארויפזעצען זיך אין וואגען זע־נען מיר צוויי שעה פאר נאכט אנגעקומען בשלום קיין פאלעשטי .

דעם גאנצען וועג האט דער דאמסקע שניידער נישט אויפגע־הערט צו רעדען און בעשיינען דעם וועג צו דער חתונה , און אלע מחותנים אויף דעם וואגען האבען שטארק אנגעקוואלען און מקבל נחת געווען .

* *

*

אויף מארגען בין איך געפאהרען צוריק פון פאלעשטי קיין בעלז שוין מיט אנ׳אנדער בעל־עגלה און מיט אנדערע פארשוינען , צווישען ווי האט זיך אויך געפונען איינער פון די נעכטיגע מחותנים, מיט וועל־כע איך בין צוזאמען געפאהרען .

— ווי האט איהר פערבראכט די חתונה ? האב איך איהם גע־פרעגט .

— פרעגט נארנישט , אזא יאהר אויף אונזערע שונאים . דעם ארימאן איז נישט בעשערט . . .

— וואס איז , די כלה איז נישט קיין פיינע , צי דעם נדן אפשר נישט געלעגט , האט מען זיך געקריגט ? פרעג איך .

— ניין , זעהר א וואוילע כלה , לייטישע מחותנים , דעם נדן האט מען אויך געלעגט איינגאנצען , נאר אט דער שניידערוק האט פערשטערט די גאנצע חתונה . בעשערט אנ׳אומגליק , האט מען איהם געדארפט מיטנעהמען פאר א שיינדעל .

— וואס־זשע איז דארט אזוינס געווען ?

— בזיונות און ווייטער גארנישט . וואס זאל איך אייך דא א סך

דערצעהלען? דער שנײַדערוק האָט אָנגעהויבען מיט זײַנע חכמות, אַז עס איז געוועזען אַ בזיון פאַר דעם רב און פאַר די מחותנים. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעשכורט ווי לוט און געווערטעלט זיך מיט די ווײַבלעך און מײַדלעך, וואָס זענען געוועזען פערבעטען אויף דער חתונה, געוואָרפען זיך אויף זיי. אַלע זענען פון איהם צולאָפען און נישט געוואוסט וואָס צו טון, ער איז זיך פאָרט אַ מחותן פון חתנ׳ס צד, וואָס איז געקו־מען צו פאָהרען אויף דער חתונה. דער חתן מיט דעם חתנ׳ס טאַטע האָבען נישט געוואוסט, וואָס צו טון פאַר בזיון, נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט, צום סוף האָט ער זיך צושלאָגען מיט אַ מחותן פון כלה׳ס צד, און איצט ליעגט דער שנײַדערוק געבונדען אין אַ שטאַל, ביז ער וועט זיך אויסניכטערן. אַלע מחותנים זענען זיך שוין צופאָהרען און ער ליעגט נאָך שכור. אט אזוי האָט דער שײַנדעל בעשײַנט די חתונה! איך זאָל געוועזען וויסען, וואָלט איך פאַר קיין געלד נישט געוועזען גע־פאָהרען, עס איז מיר געוועזען אַ בזיון. מיר אַלע מחותנים פון חתנ׳ס צד האָבען פאַר בושה נישט געקענט ווײַזען די אויגען. פאַר בזיון האָב איך מיר אפילו מיט קײנעם נישט געזעגענט און בין אַנטלאָפען...

# צוויי פעסלעך וויין.

(ערצעהלונג פון בעסאראבער יודישען לעבען).

## I.

## דאס בעסאראבער יונגעל.

ווען זיין מאמע איז מיט איצע-בערעלען אויפגעשטאנען פון קינדבעט, האט מען פון אונטער איהר בעט ארויסגעשארט א וואגען מיט אבגעגריזיעטע ביינער פון קאפהינער, קאטשקעס, גענז, אינדיקעס, יונגע הינדעלעך, און פון א סך נאך אנדערע כשר'ע עופות, וואס א כשר'ע יודענע מעג עסען.

ביי פעסיע-גאלדען, איצע בערעלעס מוטער, איז א קינדבעט אלץ אײנם געוועזן ווי ביי אײניגע דאמען פאהרען יעדען זומער קיין אויסלאנד אויף „פאפראווקע", נור פעסיע-גאלדע ביי זיך אין בעט, בשעת קינדבעט, האט זיך פיעל בעסער פאפראוועט אין געזונד ווי די דאמען אין אויסלאנד אין די טייערע בעדער.

אזא קינדבעט צו האבען ווי פעסיע-גאלדע האט טאקע נור געקאנט אויספיהרען די, וואס וואוינט אין דעם געבענשטען בעסעראביע, וואו מען טרינקט וויין מיט עמער, ווייטרויבען עסט מען אויפ'ן פוד, פעטע קאדעס גליטשט זיך אין האלז אריין ווי אויף א גוטען שליטוועגס, און מאמעליגע? — „מאמעליגע שניידט מען מיט א שטריק און מען בענשט ווי א פליג", זאגען זעלבסט די בעסעראבער יודען.

אט אין דער גליקליכער געגענד איז געבוירען געווארען אונזער איצע-בערעלע פון נישט קיין רייכער, נאר פון א גליקליכער מוטער, וועלכע מען האט אין דעם קליינעם בעסאראבער שטעדטעל גערופען „פעסיע-גאלדע חאלאמיירא".

נאָך בײַ דער מוטערס ברוסט האָט איציע־בערעלע מעהר
װײַן געטרונקען װי דער מאַמעס מילך. זעהר פריה האָט ער זיך גע־
שטעלט אויף די פיסלעך און נאָך פריהער האָט זיך איהם אויסגעשני־
טען צװײ פעדערשטע און פיער באַקצײהנער. צװישען שװעסטערלעך
און ברידערלעך האָט ער זיך כמעט שטענדיג אויף דער ערד געװאַל־
גערט, און אַזוי שפיעלענדיג איז מען אָבגעשלאָפען אין דער קינדער־
שער קאָמפּאַניע די גאַנצע נאַכט. די מוטער האָט זיך קיין סך נישט
געקאָנט אָבגעבען מיט איהם, װאָרום װי ער האָט זיך נאָר געשטעלט
אויף די פיסלעך, איז ער שוין אוים „מוזיניק" געװאָרען... זי איז װײַ־
טער געװעזען פערנומען מיט זעצען אין שטײַג קאַפּהינער, זיי זאָלען ביז
דער קינדבעט פעט װערען, אָדער געשטאַנען בײַם אויװען, געבאַקען
„פוטער־בולקעס" און דערנאָך אין לײַװענדענע זעקלעך זיי אויסגעהאַנגען
איבער דער סטעליע, זיי זאָלען זיך ביז דער נײַער קינדבעט גוט אויס־
טריקענען — זיי זאָלען זיך אין מויל „צושיטען".

פעסיע־גאָלדעס קינדבעטען מיט איהרע פעטע קאַפּהינער
און פוטער־בולקעס האָט געשמ׳ט אין שטעדטעל.

שפּעטער מיט יאָהרען װען פעסיע־גאָלדע איז געװאָרען אַנ־
אַלטע יודענע, פלעגט מען דערצעהלען, אַז דאָס װאָס זי איז קיין עין
הרע אויף דער עלטער אַזוי געזונד האָט זי צו פערדאַנקען איהרע אַמאָ־
ליגע קינדבעטען, זי פלעגט שטענדיג לאַכען פון הײַנטיגע װײַבערשע
קרענק מיט זײער שטענדיג דאָקטירען זיך אויף די זאַכען. — אַמאָל
פלעגט זי זאָגען, איז גאָרנישט געװעזען בײַ װײַבער אַזעלכע מאָדנע
קרענק מיט אַזעלכע מאָדנע נעמען. קינדלען איז בײַ פעסע־גאָלדען גע־
װען אַ שפּיעלעכעל, זי פלעגט נאָר װי מען זאָגט „דאָס קינד פון זיך
אַרויסװאַרפען" און דערנאָך האָט זי שוין געגעסען קאַפּהינער מיט
פוטער־בולקעס און זופען פעטע יאַכלעך. די קינדער פלעגען זיך בײַ
איהר אַלײן װאַקסען װי קראָפּעװע. װען אַ קינד איז חס ושלום נישט
געזונד געװאָרען אויף דעם בײַכעל, האָט זי איהם געגעבען טרינקען װײַן,
האָט דאָס קעפּעל װעה געטאָן—אויך װײַן, אַ פינגער האָט װעה געטאָן—
װײַטער װײַן, װען אפילו אַ קינד האָט זיך פראָסט צעװײנט, האָט זי עס
אַנדערש נישט אײַנגענומען נאָר מיט װײַן. אין דער צײַט װען די װײַנ־
טרויבען זענען צײַטיג געװאָרען, האָט מען שוין אַלע קרענק אויך אויס־
געהײלט מיט װײַנטרויבען. מיט אײן װאָרט, מיט װײַן און װײַנטרויבען
האָט זיך אָנגעהויבען און מיט װײַן און װײַנטרויבען האָט זיך געענדיגט.

אויף ווײַן און ווײַנטרויבען זענען אַלע בעסאַראַבער קינדער ערצויגען, אויף ווײַן און ווײַנטרויבען איז אונזער איצע־בערעלע אויך אויפגעוואַקסען.

צו אַכט יאָהר האָט שוין איצע־בערעלע געקאַנט אַלע מאָלדאַוואַנעס, מיט וועלכע זײַן פאָטער האָט געהאַנדעלט, דאָס הייסט די מאָלדאַוואַנעס, וועלכע האָבען געהאַט ווײַנגערטנער מיט פּלאַנטאַציעס פון טאַבאַק אַרום דעם שטעדטעל, וואו זײַנע עלטערן האָבען געוואוינט און געהאַנדעלט.

צו צעהן יאָהר איז ער שוין אַרומגעשפּרונגען צווישען די בערג און טאָלען, וואו עס וואַקסען די ווײַנטרויבען.

צו פיערצעהן יאָהר האָט ער שוין געטראָטען דעם ווײַן און בעקומען ביז פינף גילדען פון פאַס.

צו זעכצעהן יאָהר האָט ער שוין געוואוסט, ווי צו „פּאָפּושעווען" (בינדען אין בינטליך) אויף די פּלאַנטאַציעס דעם טאַבאַק. אין דער אַרבייט האָט ער שוין מעהר געלד פערדיענט.

צו נײַנצעהן יאָהר האָט איהם אַ פערוואַלגערטער, פערבלאָנדזשעטער ליטוואַק אויסגעלערנט קוים דאַוונען פאַר „אַ מאַמעליגע" מיט אַ פּעסעלע בעסאַראַבער ווײַן און איצע־בערעלע האָט שוין דאַן געהייסען אַ פאָלקאָמענער מענש און טאַקע אין דעמזעלבען יאָהר האָט מען איהם אָנגעהויבען רעדען גאַנץ פײַנע שידוכים.

און פאַרוואָס נישט? — איצע־בערעלע, אויסער זײַן קלײַנער וואוקס, איז געוועזען זעהר אַ וואוילער בחור, אַ קײַלעכדיג פּנים, פולע באַקען, ברייטע פּלייצעס, אַ קאָפּ האָר אַ געדריכטער, אַ שען קײַלעכדיג בײַכעלע האָט זיך איהם אויך געשניטען, אַ בערדעלע האָט זיך נאָך מיט אַ יאָהר צוריק אָנגעהויבען שניטען, אַ קערבעל צוויי הונדערט האָט ער אויך צוזאַמענגעקליבען פון זײַן אייגענער אַרבייט, האַטש קלאַפּ און צעהל.

חתונה האָבען, אַ בעל־הבית ווערען, דאָס הייסט אַ בעל־הבית ווערען פון אייגענע עטליכע פּעסלעך ווײַן און פון אַן'אייגענער „מאַמעליגע" האָט זיך איצע־בערלען זעהר און זעהר געוואָלט, כמעט דאָס חיות איז איהם אויסגעגאַנגען, ווען ער פלעגט טראַכטען דערפון.

און טראַכטען האָט איצע־בערעלע ליעב געהאַט זעהר פיעל!

## II.

# חלומות צווישען וויינטרויבען.

ראש חודש אלול הויבט מען אָן בלאָזען... און אפילו אַ פיש אין וואסער הויבט אָן ציטערן... יעדער דערמאָנט זיך אין זיינע זינד פון אַ גאַנץ יאָהר און יעדער וויל זיך אין דעם פאָרלעטיגען חודש אָבּרײניגען. אלט און יונג, מאַנסבּילען און ווייבער, קינד און קייט און ווער עס האָט נאָר פּים לויפט פאַרטאָג, אין דער פריה, און אויף דער נאַכט אין שוהל דאווענען, זאָגען און בעטען... דאָס זעהט מען אין אנדערע יודישע שטעדט. פאַר בעסאַראַבער יודען אָבער איז דער חודש אלול די בעסטע צייט פון אַ גאַנץ יאָהר, אין דער צייט זענען אין בעסאַראַביע די שענסטע נעכט פון גאַנצען זומער, אין די שענע נעכט היט אונזער איצע-בערעלע זיין קליינעם וויינגאָרטען ווי די אויגען אין קאָפּ, ער עסט, שלאָפט און לעבט דאָרט, ווייל אין דעם וויינגאָרטען האָט ער אַריינגעלעגט זיין גאַנץ לעבען — אַ האַלב יאָהר שווערע אַרבּייט צוזאמען מיט זיין גאַנץ פערמעגען, דאָס הייסט, זיין גאַנצען קאַפּיטאַל, וואָס בעשטעהט פון צוויי הונדערט קערבּלעך, וואָס ער האָט אַזוי שווער און ביטער פערהאָרעוועט אין זיינע אלע יאָהרען.

די זילבּערנע לבנה שפּאַצירט איצט אויף דעם שענעם לויטערן הימעל, און בעגיסט מיט שאָטענס די בּערג, בּערגליך און טאָלען. איצע-בּערעלע קריכט ארום אויך ווי אַ שאָטען צווישען די נידריגע וויינטרויבען-בּוימלעך, וועלכע בּייגען זיך נאָך נידריגער צו דער ערד פון זייערע שווערע צווייגען מיט פיעל אָנגעגאָסענע וויינטרויבען, מיט אַ מעסערל שניידט ער אָב אַ קליין צווייגעל און פערזוכט.

— נאָך אַ צעהן-פופצעהן טעג, וועט מען שוין אָנהויבען טרעטען דעם וויין, רעדט ער צו זיך אַליין, פערזוכענדיג אַ פּאָר וויינטרויבען און סמאַקעוועט מיט די ליפּען.

— גאָט זאָל העלפען, עס זאָל זיין אַ שענער וועטער, עס זאָל נישט געהן קיין רעגען, די וויינטרויבען זאָלען זיך נישט שפּאַלטען, זיי זאָלען פון רעגען נישט וואַסעריג ווערען, אַ געוועטעניש איז שוין ב"ה דאָ, עס זאָל נאָר נישט געהן קיין רעגען, בעט זיך איצע-בעריגלע און פערגלאָצט מיט די אויגען צו גאָט אין הימעל ארויף, און געהט אויף אַנ'אַנדער אָרט פערזוכען די וויינטרויבען און וויי‍טער

טראַכט ער אין טויזענדסטען מאָל דאָס אײגענע: „גאָט זאָל שענקען אַ שענעם וועטער אָהן שום רעגען!“

פון דאָרט געהט ער צו זײַן „קאַלעיבאַ“ (שאַלאַש) וואָס איז אונ־טערגעשפאַרט מיט שטעקענס, געדעקט מיט אַ ראַגאָזשע און מיט גרינע בלעטער צוזאַמען מיט די פּרוטיעס; אָט אין דער „קאַלעיבאַ“ שלאָפט ער בײַנאַכט און איז בעשיצט פון רעגען.

כמעט יעדע נאַכט פאַר דעם שלאָף צולעגט ער אַ קלײן פײַערל נעבען זײַן זומער־וואוינונג און קאָכט זיך אַ „מאַמעליגע“. ער מישט מיט צווײ לאַנגע שטעקעלעך די גאַנצע צײַט ווען די „מאַמעליגע“ קאָכט, ביז עס ווערט פאַרטיג, דערנאָך בלאָזט ער, עס זאָל זיך אַ ביסעל אָפּקיהלען, און עסט בלאָזענדיג, נאָכהער פערטרינקט ער מיט ווײַן פון אַ גרויסער ערדענער באַנקע, וועלכע ער האָט נעבען זיך שטענדיג אָנגעגרײט.

ווײַל עס איז איצט אַ שענער וועטער, לעגט ער זיך שלאָפען נעבען זײַן „קאַלעיבאַ“ אונטערן פרײַען הימעל. ער קען אָבער נאָך נישט שלאָפען, ער ליעגט אַזוי און רויכערט אַ פערוויקעלטען פּאַפּיראָס „טיטון“. די שענע נאַכט און די געזונטע פרײַע לופט לאָזט נישט שלאָפען, זי ציהט צו זיך... צו זיך...

— אַז עס וועט נישט געהן קײן רעגען,—פאַנטאַזירט ווידער אויף זײַן געלעגנער איצע־בערעלע — וועל איך פון הײַנטיגען גערעטעניש זיך קענען צושלאָגען צו פיער הונדערט קערבלעך און אַז גאָט וועט וועלען אפשר צו טאַקי גאַנצע „תק“. נאָר וואָס וועט זײַן דערנאָך? — עס וועט אַוועקגעהן די פרעהליכע צײַט, די דרײַ חדשים אלול, תשרי, און חשון, ווען עס ווערט צײַטיג די ווײַנטרויבען, מען טרעט דעם ווײַן, מען פערקויפט און מען פערדינט געלד. נאָר דערנאָך הויבט זיך אָן אַזאַ לאַנגער אומעטיגער ווינטער מיט לאַנגע נעכט, אַז מען קען משוגע ווערען פון אומעטיגקײַט, עס ווערט אַזש נמאס דאָס לעבען... אָ ווען גאָט העלפט מיר, איך זאָל שוין אויך ווערען אַ בעל־הבית!... אוי ווי בין איך מקנא אַ בעל־הבית!... ער האָט זיך זײַן שטוב מיט אַ בעל־הביתטע, זײַן קעלער, וואו אָפּצושטעלען אײַן איבעריג פעסעל ווײַן און נאָך וואָס פאַר אַ ווײַן! — אַלטען און נײַעם, אַלערלײַ רויטען און ווײַסען! און ווען עס געהט אַוועק די אַרבײַטצײַט, ווען מען נעמט צו די עטליכע גילדען בײַ די וואָס לויפען זיך אָן צו אונז פון דער גאַנצער וועלט קויפען ווײַן, דענסטמאָל ווען מען ווערט פרײַער פון

דער אַרבײַט, הױבט זיך ערשט אָן אַ לעבען פאַר אַ בעל־הבית, מען קאַטשעט זיך אַרױס אַ צװײ־דרײַ פּעסלעך אױף „װיִמיראָזיק", מען מאַכט זיך אַ „אײַניקעל", אַ „אוראײַניקעל" און װאָס נאָר דאָס האַרץ גלוסט, עס איז זיך פראָסט אַ תענוג אַראָבצוגעהן צו זיך אין אַ אײגענעם קעלער אַרײַן, מען פערזוכט דאָ, דאָרט, פון דאַנען, פון יענעם, פון דעם גרױסען פעסעל, פון דעם קלײנעם פעסעל, מען טראָגט אַרױף אין שטוב אײן פלאַש... פינף פלאַש... פופצעהן פלאַש... דו טרינקסט, דײַן װײַב און קינדער טרינקען, געסט טרינקען, אין שטוב װערט װאַרים, די װינטערנעכט זענען גרױס, דאָס װײַב דערלאַנגט אַ „מאַמעליגע" מיט פוטער און „ברינזע". עס שלינגט זיך און גליטשט זיך די מאַמעליגע װי אױף אַ גוטען שליטװעגס, —און דער װײַן! ? — דער װײַן גיסט זיך און גיסט זיך... ער נעמט אָן װאו מען דאַרף... מען הערט איהם... מען הױבט אָן צו פיהלען, אַז מען האָט הענד מיט פיס... יעדער אבר ריהרט זיך צו בּיסלעך און אַלעמאָל שטאַרקער... עס הערט זיך װי די פיס הױבען זיך אױך אָן צו ריהרען, אַלעמאָל ריהרעװדיגער און ריהרעװדיגער... אָט פונקט װי דער צונג הױבט זיך אָן צו ריהרען פון אונזער װאָקזאַל, װאָס פיהרט פון אונז אַװעק טאָג־טעגליך אין דער װעלט אַרײַן װאַגאָנעס אונזער װײַן — אונזער לעבען!... עס הױבט זיך אָן צו באַמבלען אונטער דער נאָז אַ טרױעריגער, נאַר שטילער זיסער „זשאָק" אָדער אַ „װאָלעכעל", איך הער װי אַזױ טאַנצעגדיג שרײַען די געסט שטאַרקער... לעבעדיגער... „פוס!..." אַזאַ ביסעל װײַן װי בײַ איצע־בערלען געפינט זיך נישט אין גאַנץ בעסאַראַביע, אַזאַ „מאַמעליגע" װי איצע־בערלעס װײַב קאָכט — קאָכט זיך נישט אין גאַנץ מאָלדאַװיע! שטאַרקער — לעבעדיגער!... דאָס האַרץ קװעלט אָן הערענדיג אַזעלכע װערטער און אױף דעם אָנגעקװעלטען האַרץ גיסט זיך נאָך בעסער און גלאַטער דער בעסאַראַבער װײַן, עס װערט נאָך װאַרימער אין יעדען אבר — פון אַ סך װײַן טרינקען דרעמעלט זיך גאַר זיס אײַן און מען הערט דאַן אין זיסען דרעמעל װי עפּעס אַ שענע שפּיעלמוזיק שפּיעלט אין די אױערן, מען פליהט אין דער הױך, העכער פון אַלע פערװאַקסענע בערג און גרינע בױמער. העכער, ביז אין הימעל. מען דערמאָנט זיך אָן דעם גרױסען גאָט מיט זײַנע גרױסע װאונדער און זײַן שײן ליכטיג פרעהליך װעלטעלע, מען פליהט, מען פליהט... אָט איז מען נאָהענט צו איהם... מען זעהט, װי אַלע זײַנע מלאכים מיט פולע אָנגעגאָסענע בעכער װײַן

אין די הענד שפּילעלען און זינגען דעם שטילען זיסען הארצרײַסענדיגען „ושאק" אָדער „וואלעכעל" ...

... איצע־בערעלע האָט זיך פון דעם בעסאראבער זיסען חלום אויפגעחאפּט ליגענדיג נעבען זײַן „קאלעיבא". נאָר־וואָס די אויפּ־געגאנגענע זון האָט איהם שוין געקוקט גלײַך אין די אויגען, און איצע בערעלע איז אויפגעשטאנען. פון די ווײַנטרויבען־בלעטלעך האָט געקאַ־פּעט ברילִיאנטענע טוי־טרעהרען, און ער האָט ווײַטער מיט שטעקלעך אונטערגעשפּארט די בוימלעך, וואָס האָבען איבער נאכט אָנגעהויבען די קעפּלעך צו דער ערד און זיי האָבען אויך גלײַך מיט אנדערע גליק־ליכע געקוקט און געשפּיגעלט זיך אין דער פרימאָרגענדיגער זון. און איצע־בערעלע האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון דעם זיסען חלום פון היינטיגער נאכט און אַלץ גערעדט צו זיך: — אוי א בעל הבית! א בעל־הבית! וואָס קומט מיר ארויס פון מײַן גאנצער ארבייט און פאר וועמען הארעווע איך? ... פע, עס האָט זיך מיר שוין דער־עסען צו זײַן א „בויעט" (בחור).

# III.

## א בעל־הבית פון א קעלער ווײַן.

פון דער הײַנטיגער גערעטעניש האָט איצע־בערעלע פערדינט מעהר ווי ער האָט ערווארטעט, ער פערמאָגט שוין איצטער זעקס הונ־דערטער און מען האָט איהם שטארקער אָנגעהויבען רעדען נאָך לײַטי־שערע שידוכים. טאקע הײַנטיגס יאָהר איז ער למזל א חתן געוואָרען און חתונה געהאַט מיט א פראָסט שען געזונד מײדעל, וואָס איז אויך שטענדיג געוועהנט צו הארעווען. זי האָט געקאָנט גוט קאָכען און וואַ־שען, רײַן אויפרוימען אין שטוב און געקאָנט אויסגעצײכענט ארבײַטען זאָקען און פערנײַהען די שטוב. דערצו האָט מען איצע־בערלען פאר איהר צוגעגעבען טויזענד קארבען נדן און עטליכע יאָהר קעסט.

זיצענדיג אויף קעסט האָט איהם זײַן יונג ווײַבעל אָבגעהיט, זײַן בײַכעל האָט אָנגעהויבען וואקסען גרעסער, קײַלעכדיגער און שענער, די באַקען רויטער, דאָס בערדעל געדיכטער און די פּלײצע מיט דעם

קאַרק בריײטער און פעטער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ליטוישען בעסאַראַבי־טשיק — אַנ׳אײדימעל, וואָס פאַלט אַריין אין אַ בעסאַראַבער שמאַלץ־גרוב.

געהאַנדעלט האָט איצע־בערעלע ווי פריהער, נאָר גרעסער און זיין קאַפּיטאַל האָט געוואַקסען מיט יעדען טאָג.

אָבער נאָך נישט דאָס האָט איצע־בערעלע געמיינט. טאַקי חתונה געהאַט, זעהר שען, עס געהט איהם ב״ה גוט, מיט דעם ווייב האָט ער אַ גוט לעבען, אַלעס איז טאַקע גוט, אָבער דאָס בעסאַראַבער בעל־הבתיש לעבען, פון וועלכען ער פלעגט שטענדיג טראַכטען, איז נישטאָ! ער האָט נישט זיין קעלער ווײן — איז ער נישט קיין בעל־הבית. אמת דעם שווערם קעלער איז פאַר איהם אָפען, ער טרינקט אָבער נישט פון זיין פעסעל — אַז נישט זיין אַרבײט, עס איז נישט דער טעם ווי פון אײגענס, ער איז מעהר נישט ווי אַ קעסטקינד, אַ אײדימעל.

גאַנצע פינף יאָהר האָט ער זיך אַזוי נעבעך געמוטשעט ביים שווער אויף קעסט און אויף דעם זעקסטען יאָהר איז איצע־בערעלע מיט גאָטס כח אַ בעל־הבית געוואָרען מיט עטליכע טויזענד קערבלעך קאַפּיטאַל און מיט עטליכע קינדערלעך.

אַ בעל־הבית איז ער געוואָרען פון אַ אײגען געקויפט הײזעל פון דריי צימערן מיט אַ קיך, אויסער אַ פּלאַץ, און מיט אַ גרויסען קעלער, וואָס האָט זיך געשניטען אונטער ד׳עם גאַנצען הײזעל און אונטער דעם פּלאַץ. פון דעם טאָג אָן האָט מען איהם אין שטעדטעל שוין אויפגע־הערט פערציהען זיין נאָמען. מען האָט ביי איהם צוגענומען דעם „עלע״ צוגעשטעלט „רב״ און מען האָט איהם אָנגעהויבען רופען „רב איצע־בער״.

פון זינט ר׳ איצע־בער איז אַראָב פון קעסט און געוואָרען אַ בעל־הבית פאַר זיך, האָט ער אָנגעהויבען וואַקסען פון אַלע זייטען; זיין קאַפּיטאַל מיט זיין בײטעל האָבען געוואַקסען, זיין ווייב האָט גע־וואַקסען אין דער ברײט, זיינע קינדער האָבען אויך אונטערגעוואַקסען און נאָך גרעסער פון אַלע האָט אויסגעוואַקסען זיין אײגענער קעלער ווײן.

און ווירקליך ר׳ איצע־בערס קעלער ווײן האָט געשמ׳ט אין גאַנ־צען שטעדטעל, ער האָט דאָרט געהאַט זיהן, אײניקלעך, אוראײניק־לעך, און גלאַט אַזוי אַ פּאָר פעסער און פעסלעך פון הײנטיג־יאָהרדי־

גען — נייעם וויין , און פיעל , פיעל גליקליכע נעכט האט ער אזוי פערבראכט ווי ער האט זיך אמאל אין דער יוגענד , בחור-ווייז , פאר-געשטעלט דאן , ווען ער פלעגט נעבען זיין „קאלעיבא“ אבהיטען זיין קליינעם וויינגארטען . און נישט נאר קיין נעכט , נאר זיין גאנץ לעבען האט ער אזוי גליקליך פערבראכט. ער פלעגט אליין זאגען, אז וואס ער האט געוואלט, האט ער אין זיין לעבען אויסגעפיהרט. און ווירקליך האט ער אויסגעפיהרט אלץ , וואס נאר א בעסאראבער קאן פערלאנגען פון דעם לעבען . שטענדיג געגעסען און שטענדיג פערטרונקען מיט וויין . ווער שמועסט נאך צוזאמען מיט חברה , גוטע ברידער,—וואס קען נאך זיין פאר א גליקליכער לעבען !

ר׳ איצע-בער האט אלע זיינע יאהרען אפט ליעב געהאט זיך זאגען זיינע ווערטלעך ווי למשל : „פון אמת׳ן וויין ווערט מען קיינמאל נישט שכור , פון טרינקען א סך וויין הויבט אן דער מענש צו פיהלען זיינע אייגענע הענד און פיס , און וואס איז מען פאר א מענש אויף דער וועלט , וואס איז דאס, אומשטיינס געזאגט , פאר א לעבען, אז מען האט הענד און פיס און מען פיהלט זיי נישט , אז מען האט זיי“ . . .

נישט קוקענדיג וואס אין זיין קעלער האט זיך געפונען א סך סארטען וויין , נאר ר׳ איצע-בער האט ליעב געהאט צו טרינקען נאר פון „זיין סארט“ — ווען עס האט זיך געענדיגט אין פאס זיין בעליעבטער סארט , האט שטענדיג פיעל צייט געדויערט איידער ער האט זיך צוגעקליבען א נייעם סארט , וואס זאל איהם אינגאנצען געפעלען . אין דעם פאך איז ער געווען א גרויסער אויסטראכטער , א קאפריזניק , א גרויסער פערבראקירער .

אין דעם בעסטען וויין , וואס אנדערע מבינים האבען איהם געפונען פאר אנ׳אנטיק , פאר א פעפערעל , האט ר׳ איצע-בער געפונען אכטצעהן חסרונות און ווען יענע פלעגען איהם פערוואונדערט פרע-גען :

— סטייטש , ר׳ איצע-בער ! — וואס רעדט איהר ? וואס זאגט איהר ? — אט דער וויין איז שלעכט ? מיר זענען ב״ה נישט צו פער-זינדיגען אויך צווישען וויין געבוירען און זאגען אייך , אז קיין בעסערער פון איהם איז גאר נישטא , עס שטעהט פינף קערבלעך א עמער אויף דעם „ארט“ און אלע סוחרים חאפען איהם ווי לאקשען .

— עס קען זיין , פלעגט ער ענטפערן — נאר מיט דעם סארט איז גוט צו האנדלען און פערקויפען , און אפילו מכבד זיין געסט מיט

איהם, אָבער מיר אויף צו טרינקען טויג ער נישט.

ר׳ איצע־בערען זאָל געפעלען, האָט דער ווײַן גאָר נישט בעדאַרפט זײַן גוט אָדער טײַער, נאָר ער האָט בעדאַרפט האָבען „מזל“ — ר׳ איצע־בער האָט ליעב געהאַט, אַז דאָס גלעזעל ווײַן וואָס ער טרינקט זאָל עס איהם אַ טשעפּע טון נישט אין שפּיץ צונג, ווי מבינים האָבען ליעב, נאָר אין דער מיט צונג זאָל ר׳ איצע־בערען טשעפּען, אין „שלונג“ זאָל עס אויך אַ ביסעל אָנריהרען און אויף דעם האַרץ „זאָל זיך עס לעגען ווי אַ סמעטענע“.

אַז ר׳ איצע־בערען פלעגט איינמאָל אין צוויי יאָהר אויסגעהן „זײַן“ ווײַן, האָט דאָס יעדער דערקענט אויף זײַן פּנים, וואָס עס האָט מעהר געדויערט איידער ער האָט זיך צוגעקליבען „זײַן סאָרט“, האָט זײַן געזיכט שלעכטער אויסגעזעהן, די אויגען האָבען פערלוירען זייער קאָליר, די באַקען איינגעפאַלען, דער קאַרק נישט אַזוי רויט ווי תמיד נור מיט מעהר קנייטשען, די הענד און פיס אָבגעלאָזט ווי נאָכגעשלעפּט זיי, און זײַן שטענדיג פרעהליכקייט איז אַוועק פון איהם, ער פלעגט זעהר ווייניג רעדען, און זיך נאָר בעקלאָגען, אַז עס ברעכט איהם יעדער אבר, ער שלאָפט נישט, עסט נישט, און טרינקט נישט.

אזא פערענדערונג האָט מען איהם בעמערקט נישט נאָר ווען ער איז געבליבען אָהן „זײַן סאָרט“ ווײַן, נאָר שוין באַלד ווען ער פלעגט בעמערקען, אַז אין „זײַן פעסעל“ טאָגט שוין... ווײַל ער האָט גוט געוואוסט ווי שווער און ביטער עס קומט איהם אָן איידער ער דערקלויבט זיך זײַן סאָרט וואָס איהם שמעקט און ווי ער האָט ליעב.

ווי שלעכט און אומגליקליך ער האָט אויסגעזעהן, אַז עס האָט איהם אויסגעפעהלט, אַזוי גוט האָט ער אויסגעזעהן, ווען ער האָט זיך צוגעקליבען אַ נײַ פאַס ווײַן ווי ער האָט ליעב, גערעדט מיט יעדען און יעדעס מאָל פלעגט ער זיך פאַר זײַנע הויזלײַט און בעקאַנטע בעריהמען, „אַז דער הײַנטיגער סאָרט איז בעסער פון אַלע וואָס ער האָט נאָר אין זײַן לעבען געטרונקען“. איבערגליקליך איז ר׳ איצע־בער געווען ווען יענער, וואָס ער האָט איהם געגעבען פערזוכען פון „זײַן סאָרט“, האָט איהם פאָדטאַקעוועט: „אַז עס איז ווירקליך אַ גוטער סאָרט“.

— וואָס זאָגסטו עפּעס גלאַט אַזוי מיט אַ גרינגערען לעבער, אַז עס איז אַ גוטער ווײַן, — פלעגט זיך ר׳ איצע־בער דאַן אויף יענעם אַרויפכאַפּען מיט שמחה.

— וואָס דען , ער איז שלעכט ? עס איז טאַקי אַ גוט , געזונד גלעזעל ווײַן .

— נײַן , פּראַטי (בּרודער) , איך זעה אַז דו ווײסט נישט און פֿיהלסט נישט וואָס דו טרינקסט .

— וואָס רעדט איהר , ר׳ איצע־בער , איך בּין דען נישט קײן בּעסאַראַבער קינד און האָבּ אפשר קײן ווײַן געטרונקען , — האָט זיך יענער ווי בּעלײדיגט .

— נײַן , איך זאָג עס גאָרנישט . בּיסט דוקא אַ סך אַ גרעסערער מבין פון אונזערע אַלע היגע סוחרים , נאָר אַזאַ גלעזעל ווײַן טרינקסטו איצטער דאָס ערשטע מאָל , זײַ זיך מודה , שעם זיך נישט , אָט זעה און מיסטנע וואָס דו טרינקסט .

און ר׳ איצע־בער האָט דערבײַ מיט אַ פינגער פון דער רעכטער האַנד אָנגעוויזען אויף דעם איבּערגעבּליבּענעם בּיסעל וואָס יענער האָט געהאַלטען אין גלעזעל .

— פּערזוך נאָך אַמאָל , נישקשה , ער בּעט זיך אַלײן פּערזוכען , פּערזוך , פּערזוך , וועסטו עפּעס הערען . . . האָט ר׳ איצע־בער יענעם נישט אָבּגעלאָזט און ווײַטער מיט דעם פינגער אָנגעוויזען אויף דעם גלעזעל , דערבײַ צוגעמאַכט אײן אויג און מיט בּײדע אויערן אָן זיך עפּעס אײַנגעהערט , ווי אײנער וואָס הערט זיך אײַן שרעקליכע סודות וואָס געהט אינגאַנצען לעבּען , אַז מע זאָל זײ וויסען . און יענער האָט נעבּאַך געמוזט מודה זײַן , אַז ער טרינקט ווירקליך דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבּען אַזאַ זעלטענעם טײַערען סאָרט ווײַן און דערמיט ר׳ איצע־בּערען גליקליך געמאַכט און פאַר זיך אַנ׳איבּיגען פרײַנד געקויפט .

## IV.

## אויף דער עלטער .

אַזוי האָט זיך ר׳ איצע־בּער אָבּגעלעבּט בּיז אין דער עלטער . ער האָט שוין חתונה געמאַכט אַלע זײַנע קינדער , קײן געשעפטען האָט ער שוין נישט געפיהרט , ער האָט זיך געלעבּט מיט זײַן אַלטיטשקער אַ שטיל רוהיג לעבּען . ער האָט געדאַווענט אַלע טאָג אין בּית־המדרש

מיט א מנין, געגעסען, געשלאָפען, זיין אלטיטשקע האָט איהם אָבגעהיט, און די איבריגע צייט האָט ער פערבראַכט ביי א גלעזעל וויין פון „זיין סאָרט”.

צו זעכציג יאָהר האָט זיך ר׳ איצע־בערען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען א גרויס אומגליק געטראָפען — זיין אלטיטשקע האָט איהם אַוועקגעוואָרפען, זי איז אַוועק אין דער אייביגער וועלט, און אָהן שום רחמנות איהם נעבאַך אויף דער עלטער איבערגעלאָזט אַליין.

איין אומגליק ברענגט דעם צווייטען אומגליק — נאָך שבעה זיצען, ווען ער איז אַראָב צו זיך אין קעלער, זיך דאָרט טרייסטען פון זיין אומגליק, וואָס זיין שטענדיגער פריינד האָט איהם אַוועקגעוואָרפען, האָט ער מיט גרויס שרעק פלוצים דערזעהן ווי זיין צווייטער פריינד — זיין פעסעל וויין — „זיין סאָרט”, פון וועלכען ער טרינקט, איז שוין אויך אויסגעגאַנגען — זיין לעצטער פריינד האָט איהם אויך נעבאַך אויף דער עלטער איבערגעלאָזט אַליין!...

זיין ערשטער פריינד, האָט ער געוואוסט, איז פערפאַלען אויף אייביג, נאָר זיין צווייטען פריינד האָט ער אָנגעהויבען זוכען און נאָכפרעגען ביי זיינע בעקאַנטע וויינהענדלערס, נאָר קיין סאָרט וויין האָט איהם נישט געשמעקט, אויף דער עלטער איז ער נאָכמעהר קאַפריזער געוואָרען ווי אין די יונגע יאָהרען. דער איין סאָרט וויין האָט שוין געזאָלט זיין דאַכט זיך, גוט, נאָר „ער געהט נישט גלאַט”, און דער סאָרט דאַכט זיך „געהט שוין יאָ גלאַט”, נאָר ער פערטשעפּעט נישט וואו מען דאַרף. מיט איין וואָרט זיין סאָרט וויין — זיין לעבען, זיין געזונד, זיין וועלט און זיין טרייסט האָט ער נישט געפונען, נישט קוקענדיג וואָס שוין כמעט א האַלב יאָהר אז ער זוכט, קלויבט און פערזוכט פון פערשידענע סאָרטען און עס געפעלט איהם נישט אַזוי ווי ער האָט ליעב, ווי ער איז געוועהנט צו טרינקען זיין גאַנץ לעבען.

אין דעם האַלבען יאָהר האָט זיך ר׳ איצע־בער א שטאַרקען רוק געטאָן און מיט צעהן יאָהר עלטער געוואָרען, זיינע האָר זענען געוואָרען ווייס ווי שניי, די באַקען האָבען אָנגעהויבען איינפאַלען, זיין קיילעכדיג בייכעל האָט נאָכגעהאָנגען ווי א ליידיגער זאַק און די הענד מיט די פיס אָבגעלאָזט.

ר׳ איצע־בער האָט אָנגעהויבען אָפט קרעכצען און זיך קלאָגען.

„איך פיהל שוין ווי איך וועל אין גיכסטען שטאַרבען און פון וואָס זאָל איך לעבען? עסען — עס איך ווייניגער ווי א קינד, שלאָפען

האב איך אויפגעהערט איינגאנצען, משטיינסגעזאגט — אפילו א ביסעל וויין ווי איך האב ליעב, זיך דערקוויקען, האב איך אויך נישט אויף דער עלטער, היינט ווי זאל איך קענען עסען אדער שלאפען, וואו זאל איך נעהמען קרעפטען צו לעבען? — א שענע עלטער האב איך דערלעבט!... און חאטש א ביסעלע גוט לעבען ווילט זיך איצטער, נאך מעהר ווי תמיד, נאר וואו נעהמט מען עס, אט דאס ביסעלע לעבען?... — א, וואו נעהמט מען נאך אזא פעסעלע וויין, עס זאל מיר שמעקען ווי איך האב ליעב... משטיינסגעזאגט — היינטיגע יאהרען איז דען דא דער וויין וואס אמאל? מען האט שוין גאר אנגעהויבען קוועטשען די וויינטרויבען מיט מינים מאשינען און פרונזשינעס! היינט וואו וואקסט גאר היינט אזעלכע וויינטרויבען ווי אמאל!... פערפאלען די קוה מיט דעם שטריק! — פערפאלען אמאליגע יאהרען!...

זיינע בעקאנטע, וועם פלעגען אפט הערען פון ר׳ איצע-בערען זיך קלאגען, פלעגען נאר לאכען פון איהם ווי פון אנ׳אלטען קאפריזניק וואס האט נאר ליעב צו פלאפלען און ווי אלע אלטע לייט נישט אויפהערענדיג צו לויבען אמאליגע גוטע יאהרען, ווען זיי זענען יונג געוועזען. ר׳ איצע-בער פלעגט זייער לאכען נישט פערשטערען, און מיט פערדראס זיי זאגען: „ווארט נאר אוים, איהר וועט אויך אמאל אלט ווערען". און אוועקמאכענדיג מיט די הענד האט ער מעהר מיט זיי נישט געוואלט רעדען ביז ער האט בעקומען א נייעם בעקאנטען און וויטער זיך בעקלאגט, געזיפצט און געלויבט אמאליגע גוטע יאהרען.

---

# V.

## צוויי פעסלעך וויין.

עפעס ווי על פי נס האט זיך געמאכט, אז מען האט ר׳ איצע-בערען געבראכט קויפען א פעסעל וויין, אין וועלכען, אויף יעדען גרוים וואונדערונג, האט ער געפונען זיין סארט. „ער איז געגאנגען גלאט", „פערטשעפעט וואו מען דארף" א. א. וו. מיט אלע מעלות ווי ר׳ איצע בער האט ליעב געהאט, און ווי זיין שטייגער איז פון תמיד אן געוועזען, האט ער זיך אויך יעצט בערימט פאר יעדען, אז דער נייער סארט

איז פיעל בעסער פון אלע זיינע סאָרטען , וואָס ער האָט אין זיין גאנץ לעבען געטרונקען און נאָך אזא פעסעל וויין ווי ער האָט איצטער גע־קויפט וועט מען אין ערגעץ שוין נישט געפינען , מען זאָל זיכען און זוכען .

ווען ער האָט אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלאָז פון זיין נייעם סאָרט , האָט ער זיך אזוי דערפרעהט ווי א זויגענדיג קינד מיט זיין מוטער , וועלכע ער האָט א גאנצען טאָג נישט געזעהען און זיך געגוג אָנגעוויינט . און טרעהרען פון שמחה האָט זיך איהם געשטעלט אין די אויגען פונקט ווי ביי א קליין קינד , וואָס הויבט אָן אין מיטען פלוציים צו לאַכען .

מיט גרויס כבוד האָט ער דאָס נייע פעסעל אראָבגע־שטעלט צו זיך אין קעלער און איהם אָבגעגעבען א מזרח־שטאָדט — אויף דעם בעסטען אָרט , און גוט עס ארומגעקוקט , עס זאָל ח"ו נישט אויסרינען , און האָט דאָס פעסעל אָנגעהויבען היטען ווי די אויגען אין קאָפּ .

דאָס פעסעל האָט איהם איצטער געדינט פאַר זיינע בעסטע פריינד , וואָס ער האָט היינטיגס יאָהר פערלאָרען , און קיין טאָג האָט ניש׳ פערפעהלט , ער זאָל נישט זיצען א פּאָר שעה נעבען זיין נייעם גוטען פריינד — געזאָפּט פון פעסעל אין גלעזעל , פון גלעזעל אין מויל און געזעדט דערמיט , ווי מיט א אלטען גוטען פריינד , פונקט ווי זיין אלטיטשקע וואָלט איצט געלעבט און ער רעדט מיט איהר .

מיט יעדען טאָג האָט דער אלטער ר' איצע־בער געפיהלט , ווי עס קומט איהם צו קרעפטען און נייעס לעבען און ווי ער ווערט יונגער .

אזוי זופענדיג פּאַוואָליע , רוהיג בעטראַכט פון גלעזעל , האָבען זיך זיינע אלטע פערגליווערטע אברים דערוואַרימט , די אויגען גע־בלישטשעט , און דערמאָהנענדיג זיך אין אמאָל האָט ער זיצענדיג נעבען זיין פעסעל איבערגעלעבט אלע זיינע יונגע יאָהרען . אָט קומט פאַר פאַר זיינע אויגען די שענע זומער־נאַכט נעבען זיין „קאַליבא" , ווען ער האָט געהיט זיין קליינעם אָרימען ווייננאָרטען , אין וועלכען עס איז גע־לעגען זיין גאנצער קאַפּיטאַל , וואָס איז בעשטאַנען איינגאַנצען פון א פּאָר הונדערט קערבליך ; ווי ער האָט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט געבעטען דעם רבונו של עולם , ער זאָל אויפהאַלטען דעם רעגען . גאָט האָט איצע־בערעלען צוגעהערט און ער האָט דאָס ערשטע מאָל פערדינט א סך געלד .

— און וואו איז זי ? האָט ער זיך פלוציים דערמאָהנט אין זיין

אַלטיטשקע און אַ טרערהר איז פֿון זייַנע אויגען אַרייַנגעפּאַלען אין גלעזעל — פֿאַרוואָס איז זי איצטער נישטאָ ? נאָר זי פֿעהלט מיר איצט !...
נאָר ווער ווייסט וואו זי איז איצטער ? — צי אין גן־עדן און אפשר ח"ו נאָך אין גיהנם . . . נאָר פֿאַרוואָס אין גיהנם ? — געוויס אין גן עדן !
וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָט זי דען געטאָן אויף דער וועלט ? . . .

און ער האָט זיך דערמאָהנט די צייט פֿון נאָך זייַן חתונה און ווי ער איז נאָכהער אַראָב פֿון קעסט , אַליין אַ בעל־הבית געוואָרען און חי זי איז אַמאָל געזונד און שען געוועזן , זי פֿלעגט בעשייַנען זייַן הויז — אָ , און וואָס פֿאַר אַ „מאַמעליגעס" זי , עליה השלום , האָט געקאָכט ! — נאָך הייַנט געדענקט מען זיי , אַז מען פֿלעגט זיצען מיט אַ קאָמפּאַניע גוטע פֿרייַנד , די פּאַרע פֿון דער „מאַמעליגע" איז געגאַנגען ביז אין דער סטעליע און ווייַן האָט זיך געגאָסען און געגאָסען . . .

און ר' איצע־בער האָט איצטער אויף דער עלטער אייַנער אַליין אויך געגאָסען און געגאָסען , און פֿיעל מאָל דערבייַ איבערגעלעבט אַלע זייַנע יונגע יאָהרען — די אַמאָליגע גוטע נעכט און נישט אייַנמאָל האָט ער פֿערלוירען אין זייַן גלאָז אַ פּאָר טרערהען .

— כל זמן מייַן פּעסעל לעבט , וועל איך אויך לעבען ! האָט זיך ר' איצע־בער געטרייסט און געשטאַרקט און אַלעמאָל לעבעדיגער און פֿרעהליכער געוואָרען .

און נאָך דרייַ חדשים איז אַזוי אַוועקגעגאַנגען .



אין אייַנעם פֿון די הערבסטיגע נאַסע און טונקעלע טעג האָט ר' איצע־בער אַרייַנגעקוקט אין פּעסעל און האָט מיט גרויס שרעק דערזעהען , ווי עס טאָגט . . .

אַ האַלב לעבען האָט ער פֿון דעם שרעק פֿערלאָרען , אין אַלע זייַנע אברים איז איהם קאַלט געוואָרען , נאָר ער האָט באַלד אָנגעבויגען דאָס פּעסעל און עס האָט זיך ווייַטער פֿרעהליך אָנגעהויבען גיסען פֿון צאַפּען אין גלעזעל , פֿון גלעזעל אין מויל , און ר' איצע־בער איז ווייַטער אויפֿגעלעבט און פֿרעהליך געוואָרען .

— עט , אייביג לעבט קיינער נישט ! האָט ער לעבעדיג צו זיך געזאָגט — ווער זאָרגט עס הייַנטיגע יאָהרען אויף מאָרגען , אַפֿילו

יונגע לײַט זאָרגען זיך נישט פאַר דעם מאָרגען ובפרט איך אין מײַנע יאָהרען.

און ר' איצע־בער האָט װײַטער געטרונקען. װען ער פלעגט אַרײַנקוקען אין פעסעל, װאו עס פלעגט אַלעמאָל װעניגער און װעניגער װערען פלעגט, ער געזונד פערלירען. און װען ער פלעגט טרינקען, פלעגט איהם געזונד צוקומען. אַזוי האָט ער זיך אַ צײַט געראַנגעלט און װאָס װײַטער אַלץ מעהר געזונד פערלוירען און אַלץ שװאַכער געװאָרען.

און אַז פון דעם צאַפּען זאָל זיך װײַטער גיסען אין גלאָז פרעהליכער ד. ה. פול אין דער גאַנצער גרױס פון צאַפּען, האָט ער געגעבען צװײַטען דעק פון פאַס אונטערגעלעגט אַ ציגעל און עס האָט זיך װײַטער פרעהליך געגאָסען עטליכע טעג.

עס ליעגט שױן צװײ ציגלען... ער בעמערקט, אַז אין פעסעל װערט װיניציגער און װיניציגער, מיט יעדען טראָפּען װײַן װאָס פעהלט שטאַרבט אין איהם אַנ'אבר, נאָר אויך מיט יעדען טראָפּען װײַן װאָס ער טרינקט דערהאַלט ער נאָך װי אַזוי עס איז זײַנע לעצטע קרעפטען.

---

נאָך אין עטליכע טעג אַרום האָט ער געזאָגט מיט אַ שװאַך קול:
— נאָך אַ דריטען ציגעל דאַרף מען אונטערלעגען...

אָבער מעהר קײַן ציגעל האָט שױן ר' איצע־בער נישט אונטערגעלעגט, װײַל אין דערזעלבער צײַט װען פון פעסעל איז אַרױס דורך דעם צאַפּען די לעצטע טראָפּען, האָט עפּעס װי מיט אַ מין שרעקליכען חאָרחלען און מיט אַ שטילען קװיטש, אַ רעד געטאָן דאָס פעסעל... און דאַן איז אויך אַרױס אַ חאָרחלערײַ װי אַ מין גסיסה פון דעם צװײטען פאַס — פון ר' איצע־בערען.

אינגאַנצען אַ פּאָר מינוט האָבען זיך בײדע פעסער געראַנגעלט און געמאַטערט זיך מיט דעם טױט און נאָכהער זענען זײ שױן בײדע, ז"ל, געלעגען אין קעלער אָהן אַ שום סימן פון לעבען... און שטיל איז אין קעלער געװאָרען װי אויף דעם בית־הקברות...

דער אײנציגער עדות פון די בײדע פרײַנדס־טױט, איז געװען דאָס לײדיגע גלעזעל װאָס האָט זיך אויף דער ערד געװאַלגערט בײַ דער זײַט אויף אַ נאַס שטיקעל אָרט אײן כמעט האַלב טױט פון גרױס שרעק.

---

# אַלִין.

## I

צוואַנציג יאָהר צוריק, פאָהרענדיג דאָס ערשטע מאָל קיין וואַרשוי, בין איך אויף דער לעצטער סטאַנציע אַרויסגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרם פון וואַגאָן אָנקוקען פון דערווייטענס די שטאָדט. דאָס ערשטע האָב איך דערזעהען די ווייקסעל און די צוויי בריקען.

— וואָס איז דאָס פאַר רויטע הייזער, אָט נעבען יענער בריק ביים ברעג טייך? האָב איך געפרעגט איינעם, וואָס איז געשטאַנען נעבען מיר.

— דאָס איז דער „ציטאַדעל“.

דער ציטאַדעל אין וואַרשוי איז, א ביסעל אין אַנ׳אַנדער פאָרמע, דאָס זעלבע, וואָס פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אין פּעטערבורג, וואו עס ווערען געזעצט פּאָליטישע פערברעכער.

מיר איז נאַטירליך דענסטמאָל אויף דעם מח נישט אויפגעקומען, אַז איך וועל מיט דער צייט דאָרטען האָבען א אומזיסטיגע וואוינונג.

חאָטש באמת געזאָגט, ביי דער אַמאָליגער ביוראָקראַטישער פיהרונג, ווען א יוד האָט געזעהען א טורמע אָדער אַפילו א פּראָסטען „אַרעסטני דאָם“, האָט ער עס שטענדיג בעדאַרפט רעכענען פאַר זיינע א אומזיסטיגע וואוינונג אויף א לענגערע אָדער א קירצערע צייט.

וויפיעל יודען קאָנען עס זאָגען, אַז אין זייער לעבען זענען זיי אַפילו א פאָר שעה נישט געווען אַרעסטירט, חאָטש זיי האָבען אין זייער גאַנץ לעבען קיין פערברעכען נישט געטאָן?

זעהר ווינציג קאָנען זיך דערמיט בעריהמען.

זאָל יעדער יוד אַ מיש טאָן אין זיינע זכרונות פון קינדהייט און װעט ער זיך געווים דערמאָהנען, אז אַ ביסעל איז ער „געזעסען״.

אַט איך למשל בין אַ יוד, וואס האָב אין מיין לעבען קיין פער־ברעכען נישט געטאָן, קיין פּראָצעסען נישט געהאַט, איינמאָל נישט געמשפּט געוואָרען, און דאַכט זיך אַז עס איז מיר אפילו אין סוד נישט אויסגעקומען צו זיין אנ׳עדות, — און פונדעסטוועגען בין איך אנ׳אַלטער געניטער אַרעסטאַנט...

נישט אין איין טורמע, נישט אין איין „אַרעסטני דאָם״ האָב איך געזעלעטיגט מיט אַלע גנבים און „אַרעסטאַנטסקע־ראָטניקעס״; געזעסען אויך אין פעסטונג איינער אַליין פערשלאָסען און אפילו מיט דעם עטאַפּ געגאַנגען...

דאָס ערשטע מאָל בין איך אַרעסטירט געוואָרען צוריק מיט אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, פאָהרענדיג אין פּאָדאָליען, אין אַסיען־צייט, ווען עס קומט אומעטום פאַר דער פּריזיוו און, ווי דער שטייגער איז אין יענע יאָהרען, האָט מען אין וועג געפרעגט אויף אַ פּאַספּאָרט.

ווען איך האָב געוויזען מיין פּאַספּאָרט, איז דעם פּריסטאַוו גע־פעלען צו זאָגען, אַז דער פּאַספּאָרט איז נישט מיינער, ווייל עס שפּראָצט מיר שוין אַ בערדעל — איז נישט מעגליך, אַז איך זאָל נישט אַלט זיין איינאונצוואַנציג יאָהר, און איך אַנטלויף איצט פון פּריזיוו מיט אַ פרעמדען פּאַספּאָרט.

אַכט טאָג האָט מען מיך געהאַלטען אַרעסטירט אינאיינעם מיט אַלע שכורים און גנבים; דערנאָך בין איך אַ צעהן טאָג געגאַנגען מיט דעם עטאַפּ, זיך אויסגעוואַלגערט אין עטליכע טורמעס מיט „אַרעסטנע דאָמ׳ען״, און דורך אַ בעזונדערן צופאַל האָט מען מיך אין מיטען וועג פריי אַרויסגעלאָזט.

אַ צוגאָב צו די כמעט דריי וואָכען, וואס מען האָט ביי מיר צוגענומען די פריייהייט, האָט מיך געקאָסט צוויי הונדערט רובל. יודי־שע צוויי הונדערטער!

וויפיעל־וויפיעל יודיש געלד איז אַוועק אויף אַזאַ אופן איבער דעם אַמאָליגען ביוראָקראַטישען רעזשים!...

יודישע מיליאָנען איז ווינציג צו זאָגען.

טויזענדער מענשען זענען אומזיסט און אומנישט אומגליקליך גע־װאָרען און אויף שטענדיג פעראָרימט געוואָרען.

שפּעטער מיט יאָהרען בין איך געוואָרען אַ ווארשויער בעל־הבית מיט אַנ׳איינגענער וואוינונג און מיט אַ שען בלעטעל אויף מיין טיר, וואו אלע האָבען געקאָנט איבערלייענען מיין פאמיליע מיט דעם נאָמען און דעם טאטענס נאָמען; און שוין וואוינענדיג אין ווארשוי און צאָהלענדיג אלע פיערטעל יאָהר אין אוטשאסטאָק „קארטע פּאָביטע“ און אנדערע אָבצאָהלונגען, שיקט מען מיך רופען אין דעם זעלבען אוטשאסטאָק און מען איז מיר מודיע גישט מעהר און נישט וועניגער, אַז איך בין אַ „דעזערטיר“ — אַנ׳אנטלאָפענער סאָלדאט פון דיענסט. מען פערשליסט מיך דערווייל צווישען אלע גנבים און שכורים, וואָס מען האָט דעם טאָג צונויפגעשלעפּט איבער די גאַסען, און נאָך אַכט שעה געפינענדיג זיך אין אזא לאַגע, רופט מען מיך אויף דעם „דאָפּראָס“ און עס ווייזט זיך ארויס, אַז נישט איך בין דאָס, נאָר איינער וואָס טראָגט פּונקט אזא פאמיליע ווי איך איז אנטלאָפען פון דיענסט, און מען לאָזט מיך פריי.

קלאָגען זיך? איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל אויך געקלאָגט, נאָר אמאָליגע יאָהרען האָט אזא בעקלאָגען זיך געקאָנט ענדיגען ווי מיט דער אם, וואָס האָט דעם קינד נישט געוואָלט געבען זויגען, איז אין אכצעהן יאָהר אָנגעקומען אַנ׳ענטפער, אַז די אם מוז דעם קינד געבען זויגען.

ווען איך בין נאָך די אַכט שעה פריי געוואָרען, האָט מיין היטער נאָך געבעטען ביי מיר „אויף בראָנפען“.

---

## II.

דאָס דריטע מאָל איז פאָרגעקומען אין אַ זומערדיגער נאַכט. נאָך צוועלף אַ זייגער, ווען איך בין שוין געשלאָפען, — הער איך מען קלינגט ביי מיר אין וואוינונג.

— ווער איז דאָרטען? פרעג איך.

— אַ טעלעגראַמע צו אייך.

איך האָב געעפענט און אָנשטאָט דעם טעלעגראַמען־טרעגער, שיט זיך אריין אַ זשאַנדאַרם, אַנ׳אָפיציר מיט סאָלדאַטען, אַ פּריסטאַוו, עטליכע פּאָליצייסקע און דער דוואָרניק פון הויז, איינינע טראָגען

אנגעצונדענע ליכט אין די הענד.

דער אָפיציר האָט מיר באַלד מודיע געווען, אַז ער איז געשיקט געוואָרען  בײַ מיר מאַכען אַן'אָביסק און פערלאַנגט פאַראויס מײַנע קלײַדער, וועלכע זענען געלעגען אויף אַ בענקעל נעבען מײַן בעט.

אויסטרײַסלענדיג אַלע מײַנע קעשענעס און איבערקוקענדיג אַלץ וואָס מען האָט דאָרטען געפונען, האָט מען פערלאַנגט די שליסעל פון די שאַפעס און פון שרײַב-טיש.

עס איז שוין געוואָרען אײַנס אַ זײַגער, איך און מײַן פרוי און די העלפערע נאַטשאַלסטווע האָבען זיך אויסגעזעצט בײַם טיש, אײַן זשאַנ-דאַרם, אַן'אונטער-אָפיציר, האָט פון די שאַפעס געבראַכט פאַפּירען, בריעף און ביכער און איבערגעלעגט אַלץ אויף דעם טיש, די ביכער, וואָס האָבען זיך געדרוקט אין אויסלאַנד און אויף זײַ איז נישט געווען קײַן צענזור, האָט מען אוועקגעלעגט אָן אַ זײַט צוזאַמען מיט די פאַפּי-רען און בריעף. דער איבעריגער עולם האָט געזוכט און געגישטערט אין אַלע ווינקעלעך.

איך בין בײַם טיש געזעסען גאַנץ רוהיג, ווייסענדיג, אַז בײַ מיר צו הויז געפינט זיך נישט קײַן פערבאָטאָנע זאַכען. איך האָב זיך אָנגע-הויבען דערמאָהנען, אפשר האָבען זיך בײַ מיר פערוואַלגערט אַ פּאָר אַמעריקאַנישע צײַטונגען, וואָס מען פלעגט מיר צושיקען, ווען עס האָט זיך דאָרטען איבערגעדרוקט מײַנע זאַכען, און אין דערזעלבער נומער האָט זיך געקאָנט דרוקען פערבאָטענעס. אָבער איך בין זיכער געווען, אַז די בלעטער געפינען זיך אויך איצט נישט בײַ מיר צו הויז; נאָר פון אײַן זאַך בין איך אונרוהיג געווען: דיזעלבע וואָך האָט מיר אײַנער צוגעשיקט פון אויסלאַנד אַ פּאָר דײַטשע בלעטער פון אַן'אַרבײַ-טער-צײַטונג, וואו עס האָט זיך געדרוקט אַן'אַרטיקעל וועגען מײַנע ווערק.

אמת, הײַנט רעכענט זיך נישט פאַר קײַן פערברעכען, ווען מען געפינט אײַנציגע עקזעמפּלאַרען פון פערבאָטענע צײַטונגען; אָבער אַמאָל האָט מען דאָס אויך געקאָנט געפינען פאַר אַ פערברעכען, און נעהמט פערענטפערט זיך! נאָך דרײַ שעה זוכענדיג, האָט מען אַלע מײַנע פאַפּירען, בריעף און אויסלענדישע ביכער פערפּאַקעוועט. איך האָב זיך בערוהיגט, ווען איך האָב געזעהן, אַז די נומערן פון דער אַרבײַטער-צײַטונג האָבען זײַ נישט געפונען. די גאַנצע צײַט זענען מיר אַלע געזעסען בײַם טיש און גערעדט וועגען דרײַפוס'ן, מיט וועלכען

די גאנצע וועלט איז דענסטמאל געווען פעראינטערעסירט, און גראד אין דער צייט האט מען שוין געשיקט א שיף אויף דער „טייוועלס־אינזעל" ברענגען דרייפוס'ן צוריק קיין פראנקרייך, כדי נאכאמאל איבערקוקען זיין פראצעס, דער אפיציר האט געהאלטען מיט עמיל־זאלא, אז דרייפוס איז אונשולדיג. דער פריסטאוו האט געהאלטען מיט דעם פראנצויזישען גענעראל־שטאב. און איך האב געהאלטען מיט מיין אפיציר, וואס איז געקומען ביי מיר מאכען אנ„אביסק".

בעת ער האט געפאקעוועט מיינע פאפירען, האב איך געבעטען דעם אפיציר, ער זאל מיר אבגעבען צוריק אנ'ארטיקעל, וואס איך האב עס די זעלבע נאכט פאר דעם שלאף אנגעשריבען און מארגען עס געוואלט אוועקשיקען אין דער צייטונג, וואו איך האב געארבייט. איך האב איהם ערקלערט, אז שפעטער וועט דער ארטיקעל אגוועהרען די צייט, וועט מען עס נישט קאנען דרוקען און איך פערליר השתדלותי ועמלי.

— איך קאן נישט, האט ער געענטפערט, עס מעג אנטרעפען טויזענד רובל; איך מוז מיין פפליכט טאן און פערנעהמען אלע פאפירען. נאך דעם איבערקוקען ביי אונז וועלען מיר אייך אלץ אומקעהרען.

מעהר ווי אלץ האט מיך פערדראסען אויף דעם ארטיקעל, וואס מען וועט איהם דערנאך נישט קענען דרוקען. איך האב געוואלט, מען זאל שוין דעם אביסק ווי צום גיכסטען ענדיגען און איך זאל קענען ענדליך געהן שלאפען, — די אויגען האבען זיך שוין געקלעבט און איך בין זעהר מיעד געווען. דער אביסק זעלבסט האט מיך ווינציג אינטערעסירט; מיין פרוי האט נאר פערדראסען, וואס מען האט איהר אנגעארבייט אזא אונארדנונג אין שטוב און א פאר טעג האט בעדארפט געדויערן, מען זאל צוריק ברענגען אין ארדנונג. אז מען זאל מיך ארעסטירען, איז אונז ביידען נישט אויפגעקומען אויף דעם געדאנק.

נאך דעם פערפאקעווען מיינע פאפירען, האט דער אפיציר אנגעשריבען א פראטאקאל, אז דער אביסק איז געטאן געווארען בשלמות, נאר קיין פערבאטענע זאכען האט מען נישט געפונען; דערויף האבען זיך אונטערגעשריבען דער אפיציר מיט דעם פריסטאוו, איך און צוויי עדות פון די סאלדאטען.

דאכט זיך, אז אט באלד זאגען זיי א „גוטע נאכט" און געהען זיך אוועק, נאר... דער אפיציר בעט ביי מיר מיין פאספארט. ער לעגט איהם ארייַן צו זיך אין פארטפעל און פון דעם זעלבען ארט נעהמט ער ארויס א פאפיר און לייענט הויך, אז לויט דעם בעפעהל

א. א. וו. בין איך אַרעסטירט אַלס פּאָליטישער פערברעכער, און מען זאָל מיך אָבשיקען אין פעסטונג...

באַלד האָבען מיך אַרומגערינגעלט די סאָלדאַטען און נאָך בײַ מיר אין שטוב האָט דער אונטער־אָפיציר מיך שטאַרק אָנגעהויבען צו אײַלען, איך זאָל זיך גיכער צוגרײַטען אין וועג אַרײַן. דער אָפיציר האָט איהם בעמערקט, ער זאָל זיך אַ ביסעל אײדעלער בעגעהן, און מיר געזאָגט: „שרעקט זיך נישט, איהר וועט אין פעסטונג האָבען צו טאָן מיט אונזערע אָפיצירען"...

מיט דעם האָט ער געוואָלט זאָגען: נישט מיט קײן געוועהנליכע טיורעמנע היטער, נאָר מיט ערצויגענע מענשען.

אומזיסט זײַן טרײַסטען — איך האָב זיך נישט געשראָקען און בעת מעשה כלל נישט געטראַכט דערפון; מײַנע אַלע געדאַנקען איז בעת מעשה געווען וועגען מײַן פרוי, פון וועלכער איך האָב נישט אַראָבגענומען די אויגען, טראַכטענדיג, מיט וואָס פאַר אַ קאַפּיטאַל איך לאָז זי איבער, אַז מײַן אַרטיקעל פאַר מײַן צײַטונג האָט מען אויך אַרעסטירט...

— מאָרגען וועל איך זײַן צוריק, נאָך דעם ערשטען „דאָפּראָס" וועט מען מיך בעפרײַען, זײַ רוהיג, האָב איך איהר געזאָגט, און מיט מײַנע בעגלײַטער בין איך אַרויס פון מײַן שטוב; בעגלײַט האָט מיך אויך אַ שטיל געוויין פון מײַן פרוי.

נעבען טויער איז געשטאַנען אַ האַלב־פערמאַכטע קאַרעטע, און איך מיט דרײַ בעגלײַטער האָבען זיך אַרײַנגעזעצט.

עס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבען שיריהען אויף טאָג; עס איז געווען אַ זעלטענער שענער זומערדיגער פאַרטאָג, אָבער נישט פאַר מיר. אויף די גאַסען האָט אַלץ גערוהט און געשלאָפען, אַפילו די „גאַראָדאָוואָיעס" מיט די נאַכט־וועכטער האָבען געדרימעלט, שטעהענדיג אויף דער גאַס אָדער אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנד.

אין דער שטילקייט האָט דאָס הילכען פון דער קאַרעטע זיך געהערט העכער ווי געוועהנליך.

אין די געדאַנקען איז מיר געפלויגען אַלץ, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט וועגען דעם „ציטאַדעל".

אין די פריהערדיגע יאָהרען, שפּאַצירענדיג אָפט מיט מײַנע וואַרשויער בעקאַנטע הינטער דער שטאָדט, פלעג איך הערען גאַנצע לעגענדעס וועגען דער „ציטאַדעל", אַז פיעל פון די פּוילישע מיאַטעזש־

ניקעס אין יאָהר 1863 און פון די נאָך פריהערדיגע יאָהרען פוילען נאָך ביז היינט דאָרטען.

פלוצים זענען מיר אויף דעם מח ארויפגעקומען אלע שרעקליכע זאכען, וואָס איך האָב אמאָל אין די יונגע יאָהרען געלייענט וועגען דער פאריזער אלטער טורמע מיט דעם נאָמען „באסטיליען". אויך האָב איך זיך דערמאָהנט אָן די אלע בעשרייבונגען פון גאָראָן, דעם בעאמטען פון דער פאריזער געהיים-פאָליציי.

כמעט אָן דער גאנצער ליטעראַטור, וואָס איך האָב אמאָל גע-לייענט וועגען די טורמעס אין סיביר און סאַחאלין, האָב איך זיך איצט דערמאָהנט, ווי גלייך איך האָב ערשט נעכטען געלייענט; און וואָס ווייטער די קאַרעטע איז געקומען צום עק שטאָדט, האָב איך זיך מעהר געשראָקען פאַר דעם געדאַנק: ווער ווייסט, אין וואָס פאַר א גרוב מען וועט מיך דאָ אריינוואַרפען, און איך האָב געראָכערט א פאַפיראָס נאָך א פאַפיראָס...

דאָס איינציגע, וואָס איך האָב מיט זיך מיטגענומען, איז געווען פאַפיראָסען מיט שוועבעלעך.

— פאַרוואָס האָט איהר נישט מיטגענומען קיין זאכען? האָט מיך איידעל געפרעגט מיין פריהערדיגער שמרענגער זשאַנדאַרם, וואָס האָט די גאנצע צייט געשוויגען גלייך מיט אלע אַנדערע מיינע בעגלייטער.

— וואָסערע זאַכען? האָב איך פערוואונדערט געפרעגט.

— א קישען, א קאָלדרע, וועש...

— היינטיגע נאַכט וועל איך שוין נישט שלאָפען און מאָרגען נאָך דעם „ערשטען דאָפּראָס" וועל איך ווערען פריי...

ער האָט מיר דערויף גאָרנישט געענטפערט, נאָר א מאָדנעם קוק געגעבען אויף מיר.

פאַר דעם בריקעל פון פריוויסליאַנער ליניע האָבען מיר געמוזט בלייבען שטעהן און וואַרטען, ווייל א טאָוואַרנער צוג האָט בעדאַרפט דורכגעהן, און איך האָב געהאַט צייט נאָך א האַלב-צעהנדליג פאַפיראָ-סען אויסצורויכערן.

איבערפאָהרענדיג דאָס בריקעל, האָב איך פון ווייטענס דערזעהן דעם ערשטען טויער פון פעסטונג, וועלכער איז בעלויכטען מיט צוויי לאַמטערנעס; דער גאַנצער וועג פון טויער איז אויך בעלויכטען. געגען אונז זענען פון טויער אַרויסגעפאָהרען א פאַר ליידיגע קאַרעטעס און דראָשקעס.

אין דער רעש׳דיגער שטאָדט איז איצט שטיל, אַלע שלאָפען, אַפילו די לאַמטערנעס זענען שוין אויסגעלאָשען, און דאָ איז בעלויכט, דראָשקעס רעש׳ן, אַפילו איינציגע פוסגעהער בעגעגענט מען. דאָ איז איצט לעבעדיג, פרעהליך. איך האָב נישט אויפגעהערט צו קוקען אויף דעם לאָך פון טויער, וואָס פון דערווייטענס האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ מויל פון אַ שרעקליכער חיה; וואָס נעהנטער, איז דאָס מויל געוואָרען גרעסער, און אָט שלינגט עס מיך איין...

צוויי סאָלדאַטען מיט ביקסען האָבען דורכגעלאָזט אונזער קאַרעטע, וועלכע איז מיט רעש אַריין אין טויער.

---

# III

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ הויז מיט רויטע נעפאַרבטע ווענד; אַרויפגעגאַנגען אויף עטליכע טרעפּלעך, האָט מען מיך אַריינגעפיהרט אין אַ גרויס צימער, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסע פּ־סט־קאַנטאָר מיט פיעל קליינע שאַפקעלעך אויף די ווענד: אין מיטען צימער איז געזעסען ביי אַ שרייב־טיש אַן אָפיציר, וועלכער האָט געדרעמעלט, אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף אַ גרויסען בוך.

אין די פענסטער האָט שוין געטאָגט, נאָר אַ לאָמפּ אויף דעם טיש האָט נאָך געברענט.

איינער פון די זשאַנדאַרמען, וואָס האָבען מיך געבראַכט, איז מיט מיר אויך אַריין אין צימער. די איבעריגע זענען געבליבען פון יענער זייט טיר. ער האָט פאַר׳ן אָפיציר אַנידערגעלעגט אַ פערמאַכטען פּאַקעט, וועלכען ער האָט פערשלאָפענדיגערהייד איבערגעלייענט און נישט קוקענדיג אויף מיר, האָט ער אָנגעהויבען פרעגען ווי איך הייס און פערשריבען. באַלד איז אַריינגעקומען אַ צווייטער זשאַנדאַר און מיר געהייסען זיך אויסטאָן, אַזוי אַז איך בין געבליבען אין אדמ׳ס קליידער. דאָס האָט אויף מיר געווירקט פונקט אַזוי, ווי מען וואָלט עפּעס מיט אַ שווערער זאַך מיר דערלאַנגט איבערן קאָפּ. אַזוי בין איך פערמישט געוואָרען און דערפיהלט אַ גרויסען וועהטאָג אין אַלע מיינע אברים; איך האָב זיך געפיהלט בעליידיגט און דערשלאָגען אויף דעם העכסטען גראַד, אַזאַ שרעקליכען איינדרוק האָט אויף מיר דאָס אָנשטע-

לעניש פון בעזוכען געמאכט. אין דעם מאמענט האב איך דערפיהלט, אז מען האט ביי מיר צוגענומען דאס טייערסטע פון מענשענס פערמעגען — די פרייהייט און דעם אייגענעם ווילען. מיט אלע אברים האב איך דערפיהלט, אז פון איצט אן בין איך מעהר קיין מענש נישט, נאר א מין חפץ, מיט וועלכען מען מעג טאן וואס מען וויל.

מיין הארצוועהטאג איז געוועזן שרעקליך און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז ווען איך זאל בעת מעשה זיך אנקוקען אין שפיגעל, וואלט איך מיין פנים אליין נישט דערקענט.

נאכדעם ווי מען האט מיך בעזוכט, אויסגעטרייסעלט מיינע קליידער און אלץ וואס איך האב נאר געטראגען אויף דעם לייב, האט מען מיר געהייסען צוריק אנטאן זיך.

אלץ וואס עס האט זיך געפונען אין מיינע קעשענעס האט מען צוגענומען: די פאפיראסען מיט די שוועבעלעך, דאס האלז-טיכעל און אפילו דאס טאשען-קעמעל, דאס ביישטעלע מיט קליין-געלד, וועלכעס מען האט פערשריבען אין בוך.

צווישען דעם קליין-געלד האב איך פלוצים דערזעהן ווי עס געפינט זיך א פאלשער פערציגער, וואס א איזוואשטשיק האט מיר מיט א פאר וואכען צוריק רעשט געגעבען און האט זיך אזוי געוואלגערט אין ביישטעלע די גאנצע צייט; אויך האב איך פלוצים דערזעהן א ציוניסטישען בראנזענעם זשעטאן מיט א מגן-דוד און מיט יודישע אותיות, וואס איינער האט מיר געשענקט. *)

אן די ביידע זאכען האב איך פערגעסען און האב נישט אהן שרעק זיי איצט פלוצים דערזעהן: ווער ווייסט, אפשר וועט מען דעם פאלשען פערציגער מיט דער ציוניסטישער מטבע אויך מיר פעררעכענען פאר א פערברעכען.

נאכדעם ווי איך בין שוין געוועזן אנגעטאן, האט מען מיך ארויסגעפיהרט פון צימער, וואו פון יענער זייט טיר האבען געווארט צוויי סאלדאטען מיט ביקסען. געהענדיג צווישען זיי, האט א זשאנדאר פאר-אויס אונז דורכגעפיהרט איבער פיעל קארידארען, וואו פון ביידע זייטען

*) אין יענער צייט זענען די זשעטאנען נאר וואס אויפגעקומען און מען האט זיי פערקויפט אין יודישע בוכהאנדלונגען, נאר דערנאך האט מען זיי א געוויסע צייט פערבאטען אין ווארשוי צו פערקויפען.

האָבען זיך געפונען טירען מיט נומערן; מיר האָבען זיך אראָבגעלאָזט און אויפגעהויבען אויף טרעפּ און ווידער זיך אראָבגעלאָזט; אזוי האָבען מיר זיך געדרעהט איבער די קאָרידאָרען רעכטס און לינקס, אראָב און ארויף, ווי אין א לאבירינט — און ווידער טירען מיט נומערן פון ביידע זייטען אָהן א שיעור. אין אלע קאָרידאָרען זענען געשטאַנען צו עטליכע זשאַנדאַרען מיט סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געהיט די טירען.

מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז עס וועט קיין סוף נישט נעהמען, נאָר ענדליך האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט נעבען א טיר, ביי וועלכער עס איז געשטאַנען א זשאַנדאַרם.

א שווערע טיר האָט זיך ברייט געעפענט פאַר מיר.

— ווען איהר וועט עטוואָס בעדאַרפען, זאָלט איהר אָנקלאַפּען אין דער טיר, האָט מיר געזאָגט מיין בעגלייטער דער זשאַנדאַרם, ווען איך האָב איבערגעטראָטען די שוועל. א שלאָס האָט שווער א קלאַפּ געטאָן און איך בין געבליבען אליין...

* *

*

איך בין ווי פערשטיינערט, ווי צוגעקאָוועט געבליבען שטעהן נעבען פענסטער, פון וואַנען עס האָט געשיינט א ביסעל ליכט; די אויגען האָבען אויך ווי פערגליווערט זיך אָבגעשטעלט אויף איין אָרט — אויף דער טיר, וועלכע איז געווען פריש אָבגעפאַרבט אין א טונקעל-געלען קאָליר און האָט געגלאַנצט.

אָט אין דעם גלאַנץ האָב איך פּלוצים ווי אין א שפּיגעל דער-זעהן מיין פרוי אין דעמזעלבען ווייסען קלייד און מיט א גירלאַנדע אויף דעם קאָפּ, ווי איך האָב זי מיט יאָהרען צוריק געזעהן אונטער דער חופּה; איך האָב זי איצטער אויך געזעהן ווי אונטער דער חופּה מיט אַן'אראָבגעלאָזטען קאָפּ.

איך האָב זיך דערשראָקען, אז איך בין נישט ביי מיין שכל; איך האָב זיך געלאָזט געהן צו דער טיר און ערשט גאָר נאָהענט איז דאָס בעקאַנטע געשטאַלט פערשוואונדען געוואָרען און האָב דערזעהן א גלאַנצענדיגע פריש-געפאַרבטע געלע טיר.

נישט גלויבענדיג אין היפּנאָטיזם, אין חלומות און פאַנטאַזיעס און נישט אין אלע אַנדערע זאַכען וואָס דער שכל קאָן עס נישט פערשטעהן

בין איך ווידער אוועק צו דעם פריהערדיגען ארט פון וואנען עס האט געשיינט א ביסעל ליכט, און ווידער זעה איך דאסזעלבע געשטאלט וואס פריהער . . .

צי עס האט לאנג אזוי געדויערט געדענק איך נישט, נאר פאר וואס האב איך די ערשטע מינוטען אין פעסטונג גראד דאס געשטאלט געזעהן, קאן איך מיר עד היום נישט ערקלערען; אפשר דערפאר, וואס מיינע אלע געדאנקען זענען איצטער געווען וועגען מיין פרוי, וועלכע איז איצטער אויך געבליבען ביי זיך אין וואוינונג עלענד, איינע אליין, גלייך ווי איך דא אין פעסטונג; אפשר דערפאר וואס אלע איהרע געדאנקען זענען איצטער אויך דא געווען מיט מיר פערשלאסען אין פעסטונג און איך בין כלל נישט געווען אליין . . .

ווער קאן דאס וויסען פארוואס איך האב איהר געשטאלט געזעהן אזוי דייטליך אויף דער געפארבטער מיר?

א סך זאכען קומען פאר אין דער וועלט, וואס מיר מענשען קענען עס נאך נישט פערשטעהן.

איך געדענק נישט ווי לאנג איך בין אזוי פערגליווערט געשטא-נען נעבען פענסטער, נאר אז איך בין געקומען צו זיך — איז שוין געווען טאג און איך האב זיך אנגעהויבען ארומקוקען . . .

מיין פריהערדיגער שרעק, אז מען וועט מיך אריינווארפען אין ערגעץ א מין לאך, איז איצט אוועק, ווען איך האב זיך דערזעהן אין א געוועהנליך צימער, אין וועלכען עס האט זיך געפונען אן אייזערנע בעט, א פראסט הילצערן קיך-בענקעל אהן א פארענטש, אויך אזא טישעל און א בלעכענער קרוג מיט וואסער, דאס איז אלץ וואס ס'האט זיך דארטען געפונען. די וועגד זענען געווען ביז האלב געשמירט גרוין און די אויבערשטע העלפט מיט דער סטעליע גרוי. אין א ווינקעל איז געשטאנען א גרויסער אייזערנער אויווען, אין דעם פענסטער האבען זיך געפונען זעקס טאפליעס, די הינטערשטע פיער פון מאטען גלאז, אז מען קאן דורך זיי גארנישט זעהן, די אויבערשטע צוויי זענען פון געוועהנליך גלאז און עפענען זיך ביידע ווי אבערלופטען; דאס גאנצע פענסטער איז געהעפט מיט ברייטע אייזערנע גראטעס. עפעס זעהן דורך די פענסטער איז נישט מעגליך, ווייל עס איז העכער פון קאפ. ארויפקריכען אויף דעם פענסטער איז שטרענג פערבאטען. די פאדלא-גע איז פון שווארצען צעמענט און די פיער פיסלעך פון בעט שטעהען אין פיער צעמענטענע גריבלעך. די טיר איז דיק און קליין און זעהט

אוים ווי די טירלעך אין די קעלערס פון אַלטע פאַרצײַטיגע בנינים. ווען נישט די טיר און די אײַזערנע גראַטעס, וואָלט דאָס צימער כלל נישט אויסגעזעהן ווי אַ „טורמע" פאַר אַן אַרעסטאַנט.

פון שלאָפען איז קיין רעד נישט, איך האָב נאָר אומגעלומפערט געשטאַרצט מיט די אויגען פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן, ביז איך בין מיד געוואָרען; דערנאָך האָב איך אָנגעהויבען שפּאַנען הין און צוריק איבערן צימער. דאָס האָט אויך דערעסען, איך האָב אָנגעהויבען ווידער שפּאַנען מיט נײַע וועגען שוין נישט ווי פריהער, נאָר געדרעהט זיך נעבען די ווענד. דאָס איז אויך נמאס געוואָרען.

פאַר די פיס האָב איך ווי אַזוי עס איז געהאַט אַרבײַט; די אויגען זענען אויך נישט געזעסען אין קאָפּ לײַדיג; זיי האָבען געקוקט, דער מוח האָט אודאי אויך נישט גערוהט. געדאַנקען זענען געפלויגען, נאָר וואָס טוט מען מיט די הענד, וואָס פאַר אַן אַרבײַט געפינט מען פאַר זיי? איך האָב נישט געקאָנט אויסטראַכטען און זיי זענען מיר איצט געווען אינגאַנצען איבעריג, גלײַך ווי זיי קעהרען זיך כלל נישט אָן מיט מײַן קערפּער און באָמבלען זיך נאָך ווי צוגעטשעפּעטע פרעמדע זאַכען, און מיר האָט זיך געדאַכט, ווען איך זאָל זיי איצט נישט האָבען, זיי אָבגעריסען און אַוועקוואַרפען, וואָלט מיר געוואָרען גרינגער, ווי מען וואַרפט אַראָב אַ שווערע זאַך פון די פּלײצעס.

בײַ דער טיר האָט עפּעס אַלע מאָל זיך אַ ריהר געטאָן ווי אין אַ זייגער, ווען דער קלינגער איז נישט אָנגעצויגען און די ווײַזערס קומען צו דער שעה, טוט עפּעס אַ קלאַפּ אָנשטאָט אַ קלונג.

נאָך יעדען אַזאַ מין קלאַפּ האָב איך דערזעהן אין מיטען טיר צוויי אויגען, וועלכע האָבען געקוקט אויף מיר ווי דורך אַ בריל. עס האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן און די אויגען זענען פערשוואונדען געוואָרען; כמעט אַלע פערטעל שעה האָב איך זיך מיט די אויגען בעגעגענט און דאָס האָט מיך אַזוי גערײצט, אַז איך האָב זיך אין מײַן צימער קיין אָרט נישט געפונען. האָב איך זיך געפּרובט שטעלען מיט די פּלײצעס צו דער טיר, האָב איך זיי אויך געפיהלט און כל זמן איך האָב זיך נישט אומגעקעהרט זענען די אויגען נישט פערשוואונדען. איך האָב זיי נישט געקאָנט איבערטראָגען אפילו אויף מײַנע פּלײצעס, גלײַך ווי זיי האָבען מיך געשטאָכען מיט צוויי שפּיזען און איך האָב זיך געמוזט אומקעהרען און ערשט דעמאָלט זענען זיי אויף אַ געוויסע צײַט פערשוואונדען געוואָרען.

אָט דאָס אויסשטאַן זיך, מען זאָל בעזוכען, און די אויגען, וואָס קוקען אַריין אין צימער, איז פון די שווערסטע זאַכען, וואָס מאַכען אומזיסטיגע גרויסע יסורים דעם אומגליקליכען פערשלאָסענעם: דאָס ערשטע פטר'ט מען מיט איין מאָל און דאָס צווייטע איז אַ שטענדיגע אינקוויזיציע ביי טאָג און ביי נאַכט, וואָס לאָזט קיינמאָל נישט רוהען דעם אומגליקליכען פערשפאַרטען.

איינס, פון וועלכען איך האָב שטאַרק געליטען, איז געוועזען דאָס, וואָס איך האָב נישט געהאַט וואָס צו רויכערן; איך בין קיינמאָל נישט געוועזען פון די גרויסע רויכערס און שעה'ן-לאַנג זיך געקאָנט בעגעהן אָהן רויכערן, נאָר איצט איז עס מיר געגאַנגען אין לעבען.

מיר האָט זיך איצט געדוכט, ווען איך רויכער איצט אויס אַ פאָר פאַפּיראָסען און פערציה דעם רויך שטאַרק און טיעף — וואָלט מיר נאָר גוט געוואָרען; אַ בזיון צו זאָגען: גליקליך וואָלט איך זיך דענסטמאָל געפיהלט! קיין גרעסער פערגניגען האָב איך זיך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט. די צייט וואָלט נאָר גיכער אַוועק און איך וואָלט אַזוי נישט געפיהלט מיין עלענד, מיין אליין-זיין.

ווען איך האָב אַ בוך אָדער אַ צייטונג, וואָלט איך געליינענט, ווען איך האָב טינט און פעדער — וואָלט איך געשריבען, אַבי די צייט זאָל וואָס גיכער אַוועקפליהען.

נאָר איך האָב גאָרנישט, איך בין אליין און האָב אפילו נישט וועמען צו זאָגען וואָס איך פערלאַנג.

איך האָב זיך דערמאָהנט, אַז איך מעג אָנקלאַפּען אין טיר, ווען איך דאַרף עפּעס און איך האָב אָנגעקלאַפּט. די טיר האָט זיך געעפענט און אַ זשאַנדאַרם פרעגט ביי מיר וואָס איך וויל.

איך בעט ביי איהם אַ פּאַפּיראָס און זאָג איהם צו אַ גאַנץ פונט טאַבאַק פאַר איין פּאַפּיראָס. ער קוקט אויף מיר ווי אויף אַ נייעם, וואָס קומט דאָס ערשטע מאָל אין חדר אַריין, און ערקלערט מיר, אַז אָהן דער ערלויבניש פון „נאַטשאַלסטוואָ" טאָר מען מיר גאָרנישט געבען און פערקלאַפּט פאַר מיין נאָז די טיר און איך בלייב ווידער אליין.

דער קאָפּ איז מיעד געוואָרען טראַכטענדיג און איך בין צוגעגאַנגען צום בעט: עס ליעגט אַ שמוציג ליילעך אויף אַנ'אַלטען אויסגעריבענעם „סעניק" און נישט קיין שען קישעלע פון שטרוי. איך מיאוס

זיך צו לעגען אויף אזא געלעגער. איך שטעה און בעטראַכט לאנג מײַן בעט.

— ווער ווײַסט וויפיעל אומגליקליכע זענען שוין אויף דעם בעט געלעגען! — טראַכט איך. — וואו זענען זײַ איצט, וואָס פאר א סוף איז מיט יעדען געוואָרען, און ווער איז געוועזען דער גליקליכער, וואָס איז ארויס פון דאנען פרײַ...

איך וואַרף אראָב דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט אויף דער פּאָדלאָגע און איה מיך אוים אויף די הוילע אײַזערנע פּרענטעם מיט א קולאַק צו־קאָפּענס, טראַכטענדיג דערבײַ, אז מײַן בעגלײַטער האָט געהאַט רעכט, וואָס ער האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס האָב איך נישט מיטגע־נומען קײַן קישען; אײַן נאַכט איז אויך שווער אזוי צו שלאָפען; ער האָט מיך אָבער געפרעגט צו שפּעט, ווען איך בין שוין געזעסען אין קאַרעטע.

איך ליעג אויסגעצויגען און קוק אויף דער סטעליע. עס האָט שוין בעדאַרפט זײַן זעקס א זײַגער. אין מײַן צימער איז שוין גרויסער טאָג. פּלוצים עפענט זיך די טיר, דער זשאַנדאַרם שטעלט זיך אויף דער גאַנצער ברײַט פון טיר און לאָזט אַרײַן צו מיר א קלײַן דערשלאָ־גען שווארץ מענשעל, געקלײַדט אינגאַנצען אין שווארצען; די הענד זענען בײַ איהם אויסגעשמירט פון שווארצער ארבײַט; ער האַלט א לאַנגען בעזים מיט א עמער וואסער; ער קעהרט אָב די ווענד, די סטעליע און דאָס פענסטער פון שטויב; ער וואַשט די פּאָדלאָגע און ברענגט א בלעכענעם קרוג פרישׁ וואסער. דאָס אויפראַמען געדויערט א צעהן מינוט, די גאַנצע צײַט לאָזט דאָס מענשעל נישט ארויס קײַן אײַנציג וואָרט, ווי גלײַך ער איז שטום.

איך קוק אויף זײַן ארבײַט מיט גרויס אינטערעס; עס נעהמט בײַ מיר צו די צײַט, איך געפין זיך נישט אלײַן... נאָר די גוטע מינוטען ציהען זיך נישט אזוי לאנג ווי די שלעכטע. דאָס שווארץ־מענשעל חאַפּט זײַן בעזים מיט דעם עמער און געהט אוועק, נאָך איהם פערקלאַפּט זיך די טיר און איך בין ווידער אלײַן...

---

## IV.

דורכ׳ן שווערען נאָר נישט רוהיגען שלאָף האָב איך דערהערט,

ווי מײַן טיר האָט זיך געעפֿענט. ווי אַנ׳אָבגעבריהטער בין איך אַראָב פֿון געלעגער און דערזעהן, ווי דאָסזעלבע שווארצע מענשעל איז אַרײַנגעלאָפֿען ווי א „ווילבער” און עפּעס אַנידערגעשטעלט אויף דעם טיש און פֿון א טעצעל עפּעס אויסגעשיט, און געשווינד אַרוים.

איך בין צוגעגאַנגען צום טיש און געזעהן, ווי עס שטעהט א שוואַרצע בלעכענע „קרוזשקע” מיט טיי און עס ליגען דרײַ וואַרשויער פֿרישע „זעמעלעך” און פֿיער שטיקלעך צוקער.

ווי לאַנג איך בין אַזוי געשלאָפֿען, ווײס איך נישט. נאָר געווים א שעה צווײ, אַזוי אַז איצט האָט בעדאַרפֿט זײַן אַלט א זײגער. אַלע בײנער האָבען מיר געבראָכען פֿון מײַן געלעגער און אין מויל איז מיר געוועזן אַזוי טרוקען, אַז אין די אויגען איז מיר געוואָרען טונקעל. פֿון דעם קרוג האָב איך דעם קאָפּ און דאָס פּנים אָבגענעצט מיט א ביסעל וואַסער און זיך אָבגעווישט מיט דעם הינטערשלאַג פֿון מײַן נײַעם זומער־דיגען קאָסטיום, וואָס איך האָב הײַנטיגע וואָך אָנגעטאָן.

איך האָב אָנגעהויבען צו טרינקען מײַן טיי. ער האָט נישט אַזוי גוט געשמעקט, נאָר וואַרים איז ער געוועזן. איך האָב זיך דערפֿרישט און אין די אויגען איז מיר ווי ליכטיגער געוואָרען.

דאָס טיי־טרינקען האָט מײַן צײַט א ביסעל פֿערנומען און עס איז מיר נישט לאַנגווײַליג געוועזן, נאָר איצט, נאָך דעם טיי — וואָס טוט מען מיט זיך ווײַטער?...

ווען איך האָב איצט א פּאַפּיראָס, טראַכט איך זיך, וואָלט איך איהם אַזוי פּאַוואָלי געראויכערט אַ גאַנצע שעה, איך וואָלט פֿערצויגען צו ביסלעך, דעם רויך וואָלט איך לאַנג געהאַלטען אין מויל, דערנאָך וואָלט איך איהם אַרויסגעלאָזט אין קלײנע בויגעלעך און וואָלט געקוקט ווי זיי דרעהען זיך אין פֿערשידענע פֿאָרמעס, צוטײלען זיך אין אַ סך קלײנע שטיקלעך רויך, ביז זיי ווערען אינגאַנצען פֿערשוואונדען, און ערשט דעמאָלט וואָלט איך דעם פּאַפּיראָס א צווייטעם מאָל אַ ציה געטאָן... און די צײַט וואָלט אַזוי גיכער אַוועק...

דאָס איז אָבער אַלץ געוועזן גליקליכע פֿאַנטאַזיעס. ווען איך זאָל האָבען אַ פּאַפּיראָס! איך האָב איהם אָבער נישט און לײַד זעהר דערפֿון. נאָר טאָן מוז מען עפּעס מיט זיך... און איך הויב אָן שפּאַנען איבער מײַן קאַמער. פֿריהער שפּאַן איך גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן אָהן אַ סדר, הין און צוריק, אין דער לענג און אין דער ברײט. איך דרעה זיך אין דער מיט, און ווען דאָס דערעסט מיר, הויב איך

אָן צעהלען וויפיעל שפּאַן האלט מיין קאמער אין דער לענג, אין דער ברייט און אַרום און אַרום ביי די ווענד. אין אָנהויב בין איך שטאַרק צופרידען פון דעם גליקליכען געדאנק. איך האָב אַמאָל צוואַנציג אויס־געמאָסטען אויף אַלע זייטען מיין קאַמער, אָבער דערנאָך איז עס מיר אויך נמאס געוואָרען.

איך זעץ זיך אויף דעם בענקעל נעבען טיש און שפאר אָן מיין פערמאַטערטען קאָפּ, אין וועלכען עס פּלאָנטען זיך טויזענדער געדאַנ־קען, און רוהט נישט קיין מינוט. פּלוצים דערזעה איך אויף דעם טיש נישט קיין קלאָרע צייכונגען, וועלכע זענען אויסגעקראַצט אין האָלץ. איך הויב אָן די צייכונגען צו צונעהמען, נאָר איך קאָן נישט איבער־לייענען: פּוילישע, רוסישע אותיות מיט אַ סך ציפער, פּאַסקעלעך און קעסטעלעך. איך געפין אויך אויסגעקריצט צוויי יודישע געדרוקטע אותיות.

איך פּרוב ווידער עפּעס איבערלייענען אין די אַלע צייכונגען, נאָר איך קאָן גאַרנישט אַרויסלייענען. ענדליך דערזעה איך צוויי שורות דייטליכע ציפערן: די ערשטע שורה ווייזט אָן דאָס יאָהר, דעם חודש מיט דעם טאָג, די צווייטע ווייזט אויך אָן דאָסזעלבע, נאָר שוין שפּע־טער מיט אַ יאָהר מיט אַנ׳אַנדער חודש און מיט אַנ׳אַנדער טאָג; דער־נאָך שטעהט עפּעס אַ אינטערשריפט וואָס איז שווער איבערצולייענען. איך מאַך מיר אַ פּירוש: דאָס האָט אַזאַ אומגליקליכער ווי איך בעצייי־כענט די דאַטע, ווען מען האָט איהם אַריינגעזעצט און ווען ער איז אַרויס פון דאַנען.

עס בלייבט ביי מיר, אַז אין דעם גליקליכען טאָג, וואָס איך וועל אַרויס פון דאַנען, וועל איך אויך אָנצייכענען אויף דעם טישעל די דאַטע...

איך בערעכען, אַז יענער איז דאָ געזעסען מעהר ווי אָנדערט־האַלבען יאָהר און דערשרעק זיך: וואָס אַ מענש קאָן איבערלעבען! איך זיץ נאָך נישט דאָ קיין פיער־און־צוואַנציג שעה און איך האָב שוין אַזוי פיעל איבערגעליטען, אַז איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען און מיין האַרץ פּלאַצט פון וועהטאָג.

געווים איז יענער מעהר מענש ווי איך און מיט אַ שטאַרקערן ווילען, טראַכט איך זיך, ווער ווייסט צי יענער מענש איז פון דאַנען פריי געוואָרען? אפשר האָט מען איהם איבערגעפיהרט אויף אַנ׳אַנדער אָרט און זיין לאַגע איז נאָך ערגער געוואָרען? ניין, איך בין דאָ נישט

דער ערשטער און נישט דער לעצטער; איך בין אין ציטאדעל קיין בן יחיד נישט.

איך האב ביי זיך געפועלט, אז איך מוז זיך בערוהיגען און מוז מיינע ליידען אננעהמען פאר ליעב.

גוט, ביי מיר האב איך געפועל׳ט; איך קאן ליידען און וועל ליידען, אבער דארטען ביי מיר אין דערהיים, וואו מען האט צוגענומען ביי זיי דעם איינציגען שפייזער, — דארטען וואס וועט זיין?

גוטע מענשען וועלען רחמנות האבען... ניין, דאס קאן נישט זיין. אלץ וועל איך אריבערטראגען, נאר דאס נישט. דאס וועל איך נישט איבערלעבען...

א בעזונדערער שרעקליכער וועהטאג, וואס איך האב אין מיין לעבען נישט געפיהלט, האט מיך איצט ארומגעהאפט און ווי א משוגענער האב איך אנגעהויבען לויפען איבערן צימער.

וואס פאר א ווערט האט דאס אליין זיין פערשלאסען, קעגען די יסורים וואס איך האב איצט איבערגעלעבט!...

איך האב זיך א ווארף געטאן אויף מיין געלעגער, איך האב נישט געפיהלט דאס קוועטשען פון די אייזערנע פרענטעס; איך האב זיך אבגערוהט ווי פון א שווערער ארבייט.

עס עפענט זיך די טיר, דאס שווארצע מענשעל לויפט ווידער אריין מיט זיין טעצעל און שטעלט ווידער עפעס אנידער אויף דעם טיש.

— וויפיעל איז דער זייגער? פרעג איך ביי איהם.

ער ענטפערט מיר נישט און לאזט זיך צו דער טיר.

— פרעגט איהם נישט און רעדט מיט איהם נישט, ער וועט אייך קיינמאל נישט ענטפערן, — זאגט צו מיר דער זשאנדארם, וועלכער שטעהט מיט צושפרייטע פיס אויף דער טיר און קוקט אויף יעדע בעוועגונג פונם שווארצען מענשעל.

אויף דעם טיש איז געשטאנען מיין מיטאג, א שווארץ אייזערן קעסעלע מיט עפעס א מין זופ, וואו עס האט ארומגעשוואומען א שטיקעל פלייש; אויך איז געלעגען א האלב ברויט, דאסזעלבע וואס אלע ווארשויער עסען. אויף דעם האלבען ברויט איז גראדע געווען אנגעקלעפט א פאפירען בלעטעל מיט דער פירמע פון א געוויסער פוילישער בעקעריי אין ווארשוי.

פון דעם ערשטען לעפעל, וואס איך האב פערזוכט, האב

מעהר נישט געקאָנט עסען; דאָס שטיקעל פלייש האָב איך אין מויל נישט געקאָנט נעהמען פון הארטקייט און פון דעם אויסזעהן. נאָר מיט א בעזונדער פערגניגען האָב איך געגעסען דאָס ברויט און פערטרונקען פון קריגעל וואסער.

נאָך דעם מיטאָג האָב איך פערשטאַנען, אז עס דארף שוין זיין נאָך האלבען טאָג און צו נאַכט איז נאָך אזוי וויט...

קיינמאל זענען מיר נישט לאנג געווען די גרויסע שעניע זומער־דיגע טעג; קיינמאָל האָב איך נישט אזוי געבעטען אויף דער נאַכט ווי איצטיגעס מאָל.

אזוי בעטען קאָן נאָר א נײַנציג־יעהריגער מענש אויף דעם טויט, ווייל ער האָט שוין אויף דער ליכטיגער וועלט נישט וואָס צו טאָן און נאָר דער טויט קאָן איהם פון איהר בעפרייען.

ביז נאַכט איז אָבער נאָך ביי מיר געווען א גאַנצע אייביגקייט.

די זון האָט דעם גאַנצען טאָג אין מיין פענסטער קיין איינציג מאָל נישט אריינגעקוקט; נאָך איהר האָב איך אפילו נישט געקאָנט משער זיין די צייט פון טאָג, נאָר ערשט פארנאַכט האָט די זון, ווי מען שענקט אנ'אָרימאן א נדבה, צו מיר אויך אין פענסטער אריינגע־שיקט אויף א קורצע צייט א פּאָר בלאַסע שוואַכע שטראַהלען.

איך האָב זיך מיט דער קליינער נדבה אויך געפרעהט.

* *

*

ווען עס האָט אָנגעהויבען פינסטער ווערען, האָט דאָס שווארצע מענשעל אריינגעטראָגען א קליין אָנגעצונדען לעמפּעל און דיזעלבע „קרושקע" מיט טיי וואָס אין דער פריה.

דער זשאַנדארם האָט מיר ערקלערט, אז דאָס לעמפּעל טאָר איך נישט פערלעשען און ווען איך וועל זיך לעגען שלאָפען, זאָל איך עס שטעלען אויף דער פאָדלאָגע אנטקעגען מיין בעט...

ווען איך האָב זיך גענומען דעם טיי טרינקען, האָב איך דער־זעהן, אז קיין צוקער האָב איך נישט; איך האָב איצט פערשטאַנען, אז די פיער שטיקלעך צוקער, וואָס מען האָט מיר געבראַכט אין דער פריה, גיט מען מעהר נישט ווי איינמאָל אין מעת לעת און האָב בע־דארפט טיילען אויף צווייען.

מאָרגען , אויב מען וועט ברענגען צוקער , האָב איך זיך געטראַכט , וועל איך שוין אַזוי טאָן , נאָר איצט העלפט נישט , מען מוז טרינקען אָהן צוקער און פערבייסען מיט א שטיקעל ברויט , וואָס איז געבליבען פון מיטאג .

אָבגעגעסען מיין וועטשערע , בין איך ווי א דערהרג'עטער אנטשלאָפען געוואָרען אויף מיין הארט געלעגער .

וויפיעל איך בין געשלאָפען — האָב איך נישט געקאָנט וויסען , נאָר אין מיטען שטאַרקען שלאָף האָב איך דערהערט א שטארק קלאפען אין טיר .

איך בין אראָבגעשפרונגען פון בעט , איך האָב דערזעהן ווי די אויגען פון טיר קוקען אויף מיר און דאָס קלאפען האָט אינגאנצען אויפגעהערט . איך האָב זיך נאָכאמאל געלעגט און ווידער האָט מיך א שטארק קלאפען אין טיר אויפגעוועקט . ווידער אויגען און ווידער איז שטיל געוואָרען . . .

אזא אויפפיהרונג בייננאכט אין שלאָף מיט אנ'אומגליקליכען פערשלאָסענעם ארעסטאנט האָט מיך אויפגערייצט ביז גאָר ; ווען איך וואָלט געווען אימשטאנד עטוואָס צו טאָן , וואָלט איך פאר זיך נישט ערב געווען און וואָלט געטאָן עטוואָס שרעקליכעס , אז איך וואָלט שוין געוויס מיין גאנץ לעבען נישט בעפרייט געוואָרען און קיינמאל די ליכטיגע וועלט נישט געזעהן , נאָר וואָס האָב איך מיט ליידיגע הענד געקאָנט טאָן ? . . . איך האָב פונדעסטוועגען זיך נישט געקאָנט איינהאלטען ; איך בין צוגעלאָפען צו דער טיר און געבענדיג א גרויסען קלאפ , האָב איך אויפ'ן קול געזאָגט דעם זשאנדארם , אז אויב ער וועט נישט אויפהערען קלאפען , וועל איך זיך קלאָגען פאר נאטשאלסטוואָ , עס איז נישט מעגליך , מען זאָל איהם הייסען אויף אזא אופן שטערען מיין שלאָף .

מיינע ווערטער ווייזט אויס האָבען געווירקט און עס איז שטיל געוואָרען : נאָר וואָס איז מיר ארויסגעקומען , אז איך האָב שוין נישט געקאָנט שלאָפען , חאָטש איך בין געלעגען מיט פערמאַכטע אויגען .

אָנשטאָט קלאפען האָבען זיך אָפטער אָנגעהויבען ווייזען די אויגען אין דער טיר .

איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטען : פארוואָס קלאפט מען אַזוי שטארק אין דער טיר, ווען איך שלאָף ? נאָר פון פיעל שפעטיגערע אַזוינע נעכט האָב איך זיך ערקלערט , אז דאָס טוט דער זשאנדארם

דערפאַר, ווייל ער וויל זיך איבערצייגען צי לעבט זיין אַרעסטאַנט אָדער אפשר האָט ער זיך דאָס לעבען גענומען, ווייל יעדעס מאָל ווען איך האָב זיך נאָר אין שלאָף א ריהר געטאָן, האָט דאָס קלאַפּען אויפגעהערט.

און ווידער נעהמט זיך עס דערפון, חייל צווישען זשאַנדאַרמען, אזוי ווי צווישען אַלע מענשען, געפינען זיך גוטע און שלעכטע: די גוטע טוען אַלע מעגליכקייטען צו פערגרינגערן דאָס לעבען פון אַרעסטאַנט, און די שלעכטע, ווי זיי קאָנען נאָר, פערביטערן זיי דאָס לעבען פון דעם אומגליקליכען פערשפּאַרטען, וואָס פאַלט אריין אין זייער רשות, און טוען דאָס מיט א בעזונדער פערגעניגען.

אין א מעת לעת בייטען זיך די זשאַנדאַרמען אַמאָל זעקס, און איך פלעג דעריבער אין איין מעת לעת האָבען גוטע און שלעכטע שעה׳ן.

אין דערזעלבער נאַכט, ווען עס האָט זיך געביטען די וואַך, האָט א זשאַנדאַרם געעפענט די טיר, מיך צוגערופען צו זיך און שטיל געזאָגט:

— איך זעה, אז איהר וואָלגערט זיך שוין די צווייטע נאַכט אויף דעם הוילען בעט און אויף דעם אַלטען בעטגעצייג. ווילט איהר זיך נישט לעגען, זייט וויסען, אז ביי אונז געהט אַרום איבער די קאַמערן א דעזשורנער. היינט וועט ער אַרומגעהן, זאָלט איהר בעטען, מען זאָל אייך געבען א בעסער געלעגער.

עס האָט מיר נאָך אפילו נישט געלונגען איהם אָבצודאַנקען, האָט זיך שוין די טיר פערקלאַפּט.

---

# V.

אויף מאָרגען האָב איך אויסגעטראַכט אַן׳ערפינדונג, וואָס זאָל מיר ברענגען צווייערליי נוצען: ערשטענס, זאָל איך האָבען א בעשעפטיגונג, אַן׳ארבייט, צווייטענס — איך זאָל קאָנען וויסען וויפיעל שטונדען איך ארבייט.

יעדער ערפינדער, ווען עס פאַלט איהם איין א נייעס, פרעהט ער זיך דערמיט און גלויבט, אז ער איז דער ערשטער, וואָס איהם איז

אײַנגעפֿאַלען אַזאַ שכל'ריגע זאַך ; און איך האָב זיך בעת מעשה גע־פּרעהט מעהר ווי אַלע ערפינדער צוזאַמען.

וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען איצט געהאַט בײַ מיר די ערפינדונ־גען פון סטעפענסאָן און עדיסאָן אַקעגען מײַן ערפינדונג ? זײַ זענען גע־ווען פרײַע מענשען, די גאַנצע וועלט האָט געהערט צו זײַ, פון אַלעם אין דער וועלט האָבען זײַ געקאָנט נעהמען מיטלען צו זײַערע ערפינ־דונגען.

מײַן וועלט איז בעשטאַנען פון די פיער וועגד, אין וועלכע איך בין אײַנער אַלײַן שלאָסען, און איך האָב בעדאַרפט אויסטראַכטען עפּעס אַ מין זאַך, וואָס איך זאָל קאָנען אַרבײַטען און זײַן בעשעפטיגט.

דאָס איז בײַ מיר געווען אַ וויכטיגע לעבענס־פראַגע, וואָרום אָהן אַרבײַט און אָהן אַ בעשעפטיגונג האָב איך געפיהלט ווי דער מח ווערט זיך בײַ מיר איבערקעהרען ; איך וועל משוגע ווערען אָדער איך וועל זיך דאָס לעבען נעהמען.

מײַן ערפינדונג איז פאַר מיר געווען נישט וועניגער וויכטיג, ווי סטעפענסאָנ'ס און עדיסאָנ'ס ערפינדונגען דער גאַנצער וועלט.

און איך האָב ערפונדען !

מײַן ערפינדונג איז נישט בעשטאַנען אין קײַן גרויסע זאַכען, ווי אַלע אַנדערע גרויסע ערפינדונגען קומען אויס גאַנץ פּראָסט, ווען מען ווײַסט נאָר פון זײַ דעם שכל :

פון דעם אַלטען „סעניק”, וואָס איז נאָך געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע, האָב איך גענומען שטרוי און זײַ צובראָכען אין אַ סך קלײַנע שטיקלעך, וועלכע איך האָב בעזונדער אַנידערגעלײַגט אויף דעם טיש ; די דאָזיגע שטיקלעך שטרוי, וועלכע איך האָב אָנגעגרײַט אָהן אַ שיעור, האָב איך אָנגעהויבען צעהלען. ווען איך האָב אָבגעצעהלט זעכציג שטיקלעך, האָב איך געוואוסט, אַז עס איז אַוועק אַ מינוט ; דרײַסיג מאָל זעכציג—אַ האַלבע שעה ; זעכציג מאָל זעכציג שטיקלעך שטרוי— אַ שעה.

אין אָנהויב האָט מיך די אַרבײַט פערנומען : אַ שעה איז שוין אַוועק, אַנדערטהאַלבען שעה, צוויי שעה... די צײַט פליהט... נאָר פּלוצים האָב איך מיט אַמאָל צושאָטען די אַלע שטיקלעך שטרוי, וועל־כע זענען געלעגען צו 60 (מינוטען) און צו 3600 (שעה'ן), און טרעהרען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען פאַר בזיון פאַר זיך אַלײַן אָדער פאַר שרעק : אפשר בין איך שוין טאַקע אַראָב פון זינען !

וואָס בּין איך עס, צוריק אין די קינדערשע יאָהרען איבּערגעגאַנגען, וואָס איך שפּיעל זיך מיט שטרוי? איך בּין דאָך עפּעס אַ דערוואַקסענער מענש, ווי קומט איך זאָל פּועל'ן בּיי זיך גאַנצע צוויי שטונדען זיך שפּיעלען מיט שטיקלעך שטרוי!...

אַ שרעק האָט מיך אָנגעכאַפּט פון דעם געדאַנק: וואָס וואָלט געווען, ווען מיינע אייגענע און בּעקאַנטע זאָלען זיך דערוויסען אָדער קאָנען זעהן, מיט וואָס איך בּעשעפטיג זיך!...

איך האָבּ ערשט איצט אָנגעהויבּען פיהלען און פערשטעהן, וואָס איז אַזוינס פאַר אַ שטראָף דאָס „זיצען אַליין פערשפּאַרט".

קיין שום פאַנטאַזיע קאָן דעם זייטיגען מענשען נישט פאָרשטעלען, צו וואָס פאַר אַ צושטאַנד אַזאַ אומגליקליכער, אַליין פערשלאָסענער אַרעסטאַנט קאָן קומען, ווי געזונד און בּיי אַ וואָסערן געזונדען שכל ער זאָל נישט זיין.

זיצענדיג אַליין צווישען מיינע פיער ווענד, האָבּ איך גערעכענט פאַר אַ גן־עדן די גרויסע קאַמערס אין טורמעס, וואו עס זיצען אַרעסטאַנטען צו צעהן און צו צוואַנציג צוזאַמען פאַר גנבות און פאַר גזלות; זיי האָבּען מיט וועמען צו רעדען; זיי פיהרען אַ געזעלשאַפטליך לעבּען. גרינגער ווי מיין לאַגע האָבּ איך אויך גערעכענט אַפּילו די קאַטאָרזשניקעס, וואָס געהען מיט דער טאַטשקע ערגעץ אין סיבּיר אָדער אין סאַחאַלין; זיי האָבּען אַרבּייט און געפינען זיך יעדען טאָג אונטערן הימעל.

און פיעל אַזוינע שרעקליכע מינוטען האָבּ איך איבּערגעלעבּט, און מיט דעם גרעסטען פערגעניגען וואָלט איך מיין לאַגע איבּערגעבּיטען אויף די לאַגע פון די קאַטאָרזשניקעס.

נישטאָ קיין גרעסערע שטראָף, ווי דאָס אַליין זיין.

און גראָד האַלטען קרימינאַליסטען דאָס „אַליין פערשליסען" פאַר אַזוי גרינג, אַז אויף זייערע קאָנגרעסען געפינען זיך עד היום זעהר ווייניג געגנער דערפון.

און גראָד איז די שווערסטע און שרעקליכסטע שטראָף, אָהן אויסנאַהם (אַפּילו פאַר דער סלעדסטווע און פאַר'ן סוד) דאָס רוב נאָר פאַר פּאָליטישע פערבּרעכער, ווי קליין זייער פערבּרעכען זאָל נישט זיין, און אַפּילו פאַר אַזוינע, וואָס די סלעדסטווע קאָן דערנאָך אויסווייזען, אַז זיי זענען כלל אונשולדיג.

פיין און איידעל האט מען זיך אנגעהויבען פיהרען מיט מיר פון היינטיגען טאג .

פריהער פאר אלעמען איז ביי מיר היינט דאס ערשטע מאל געוועזן דער דעזשורנער , א זשאנדארם — א סטארשי אונטער-אפיציר .

דאס ערשטע , וואס האט זיך מיר געווארפען אין די אויגען , איז געוועזן דאס , וואס אריינקומענדיג צו מיר אין קאמער , האט ער אראבגענומען דאס היטעל .

אט פון דער קליינינקייט בין איך ביי זיך א ביסעל גרול'דיג געווארען , נישט אזוי דערשלאגען און אראבגעפאלען ווי פריהער . הייסט עס , טראכט איך זיך , אז איך בין נישט אינגאנצען א חפץ , נאר מען רעכענט מיך נאך פאר א שטיקעל מענשען .

ער האט מיך געפרעגט , צי דארף איך עפעס נישט און צי האב איך זיך אויף עפעס צו קלאגען .

איך האב מעהר נישט געבעטען , נאר וועגען א געלעגער .

אין א פאר שעה ארום האט מען מיר געבראכט א הויכען געפאקטען „סעניק״ מיט פרישע שטרוי. צוויי קישעלעך, איינס מיט שטרוי און דאס צווייטע מיט פעדערן, אנגעצויגען מיט ווייסע ציכלעך , א ווייס ליילעך , א בייקענע סאלדאטסקע קאלדרע און א ווייסען סערוועטאווען האנטוך .

נאך מיטאג , ווען איך האב זיך צוגעלעגט אויף מיין ניי געלעגער , האב איך זיך געטראכט : א בעסער און ריינער געלעגער , ווי אפטמאל אין א האטעל פאר צוויי רובל א מעת-לעת !

דעמזעלבען טאג האב איך געהאט נאך צוויי געסט : א פאלקאווניק און א אפיציר , ביידע אויך אהן היטלען .

— איך בין געקומען מיט אייך זיך בעקענען ; אייערע לייט , אין דער זעלבער נאכט וואס אייך , האבען מיר א סך ארעסטירט — איהר זענט א פוילישער שריפטשטעלער ? האט געפרעגט דער פאלקאווניק .

— ניין , א יודישער .

— אלץ איינס ... איהר האט געהאלטען רעדעס פאר ארבייטער ?

— קיין רעדעס האב איך נישט געהאלטען , נאר איך האב געלייענט א צענזורירטע זאך ; ביי דעם ערשטען „דאפראס״ וועט איהר זיך איבערצייגען , אז איך זאג אמת , און בעט אייך , דער „דאפראס״

זאָל פּאָרקומען וואָס פריִהער. איהר האַלט מיִך דאָ אומזיִסט פערשלאָ-
סען.

— עס קאָן זיין, נאָר צוליעב אייך אַליין קאָן אין פעכטינג ניִשט
קומען קיין סלעדאָוואַטעל; ווען ער וועט דאָ זיין, וועט ער אייך אויס-
פרעגען.

איך האָב געבעטען, מען זאָל מיר ערלויבען רויכערן און מען
זאָל מיר אָבגעבען מיינע פּאַפּיראָסען, וואָס מען האָט ביי מיר צוגע-
נומען.

דער פּאָלקאָווניק האָט פאר מיינע אויגען געהייסען דעם אָפיציר
ערפילען מיין בקשה, נאָר דער אָפיציר האָט געענטפערט: ביי מיין
בעסטען ווילען טאָר איך עס נישט טאָן אָהן דער ערלויבניש פון סלע-
דאָוואַטעל.

איך בין ווידער געבליבען אַליין, נאָר מלא שמחה, ווייל נאָך
דעם בעזוך האָב איך עפּעס אָנגעהויבען האָפען, אַז אין גיכסטען וועלען
זיך ענדיגען אַלע מיינע מאַטערנישען און איך וועל פריי ווערען.

און מיט גליקליכע געדאַנקען בין איך געוועזען פערנומען ביז
שפּעט אין דער נאַכט, שטאַנענדיג פלייסיג די גאַנצע צייט איבער מיין
קאַמער.

און נאָך אויף אַ גוטע זאַך האָב איך געהאָפט: איך וועל זיך
היינטיגע נאַכט דאָס ערשטע מאָל אויסשלאָפען, ווייל איך האָב אַ גוט
געלעגער...

נאָר אַ מענש טראַכט, און גאָט לאַכט: ווי איך האָב נאָר אָנגע-
הויבען דרימלען, האָט זיך איבער דעם קאָרידאָר, וואו די טיר פון
מיין קאַמער איז אַרויסגעגאַנגען, געהערט אַ לויפעניש הין און צוריק
פון שפּאָרען און אַזוי אַ גערודער פון שווערע טריט; אין אָנהויב האָב
איך געגלויבט, עס בייט זיך די וואַך, נאָר צולאַנג דויערט דער
גערודער...

פּלוצים דערהער איך אַ שורשען פון פרויען-קליידער און אַ האַרץ-
רייסענדיג געוויין פון אַ פרויען-שטימע.

אָט די שטימע טרעפט מיר גלייך אין האַרצען און איך פיהל,
ווי מיין האַרץ ווערט צוריסען אויף שטיקער; איך הויב שוין אָן זיך
אָנשטויסען, וואָס בעדייט דאָס גערודער אין מיטען דער נאַכט: געוויס
איז היינטיגע נאַכט אין שטאָדט געוועזען אַ סך „אַביסקען" און מען פיהרט
אַהער נייע אַרעסטאַנטען. איך שטעל זיך פאָר ווי אַזוי מענשען, וואָס

מען האט נאר-וואס אבגעריסען פון זייערע ווארימע געלעגערס אין דער היים, ווען מען איצט פערשליסען אין די קאמערן, וואו עס איז אלץ אזוי קאלט, טרויעריג און פערקלאגט, און וואס זיי דארפען איבערלייען ביז זיי וועלען מעהר אדער ווייניגער זיך געוועהנען צו זייער נייער לאגע. מילא איך, טראכט איך זיך, בין שוין אנ'אלטער ארעסטאנט... איך האב שוין די ערשטע טעג איבערגעלעבט; נאר זיי, זיי זענען נייע מענשען, נאר וואס פון דערהיים.

דערהויפט לאזט מיך נישט שלאפען אט די פרויען-שטימע, וואס איך האב געהערט אין דער נאכט וויינען. איך בין עפעס איבערצייגט, אז איהרע קליידער, וואס האבען אזוי זיך געהערט שורשען, זענען געווים זיידענע, וויל אנדערע קליידער קאנען זיך נישט לאזען הערען— אזא גרינג רעש'ענדיג זיך בעוועגען. עס בלייבט ביי מיר, אז מען האט זי ארויסגענומען פון א רייך, אינטעליגענט הויז, פון א לייטישער פאמיליע, און איך זעה פאר מיר די דאזיגע פאמיליע, וועלכע שלאפט איצט אויך נישט ביי זיך אין דערהיים און מען קלאגט אויף דעם טייערן נפש, וואס מען האט פון זייער הויז בייגאכט ארויסגעריסען; איך שטעל זיך פאר, ווי איהרער אנ'אלטער טאטע, אנ'אלטע מאמע וויינען, ברידער, שוועסטער און אפשר איהרער א חתן, וואס האט זיך שוין געגרייט צו דער חתונה, און איצט האט מען זיין כלה ביי איהם ארויסגעריכען. עפעס איז מיר אויסגעקומען, אז זי דארף זיין א בלאנדינקע מיט שענע העלע גאלדענע האר, זי מוז האבען בלויע סאמעטענע אויגען מיט א בלאס גלאט פנים, איהר וויינענדיגע שטימע איז עפעס געווען א הארץ-רייסענדיגע מוזיק, שענע טרויעריגע טענער פון א איידעלען מוזיקאלישען אינסטרומענט, מיט אזא שטימע מוז מען אויך זיין א שענע.

איך שטעל זיך מיר פאר, אז זי דארף זיין א קרענקליכע, א שוואכע, עפעס אנ'איידעלע זאך, נאר זעהר א שענע; און איך קאן זיך נישט פארשטעלען, ווי אזוי ווען אזא ארעסטאנטקע קאנען איבערלעבען אפילו איין נאכט אין איהר פערשלאסענער קאמער פון פעסטונג.

ווער ווייסט, אין וועלכער קאמער מען האט זי פערשלאסען? אפשר געפינט זי זיך אין דעם צווייטען קאמער פון מיר, אט פון יענער זייט וואנד, וואו מיין בעט שטעהט, און זי איז מיינע א שכנה? זי שלאפט געווים איצט אויך נישט, און ווער ווייסט וואס פאר א געדאנקען עס מוטשען זי אין איהר ערשטער נאכט דא אין פעסטונג.

איך הער מיך צו, אפשר וועל איך דערהערען פון יענער זייט וואנד עפּעס אַ סימן פון לעבען; נאָר אין קאָרידאָר רעש'ט נאָך אלץ— שפּאָרען און שווערע טריט, איך הער, ווי שלעסער קלינגען פון עפע־נען און פערמאכען, פון יעדען קלאפּ מיט די שלעסער טוט מיר אַ קלאפּ אין הארצען.

ערשט מיט'ן טאָג־ליכט איז געוואָרען שטיל, ווי ווען מען האָט נאָר וואָס אויף דעם בית־עולם איינעם מקבר געוועזען און די לויה איז זיך שוין צוגאנגען.

ביי מיר אין קאמער איז אויך געוועזען שטיל ווי אין אַ קבר.

און פּלוצים אין דער שטילקייט הער איך, ווי מען קלאפּט שטיל צו מיר אין וואנד...

איך זעץ מיך אויף דעם בעט און הער זיך צו...



# ווײַבער .

## די געטליכע ליעבע .

### I.

ע זענען געוועזן צוויי חבר'טעם , נאָך קינדווײַז
ט צוזאַמען אין „טשעכען" און אין „בעטלער"
אפילו דאַווענען האָבען זיי זיך אויסגעלערנט ,
פלעגט זיך טהיילען מיט דעם ביסען און גע-
צו פערזיכען פון אלע גוטע זאַכען , וואָס די

ייִ זענען עלטער געוואָרען האָבען די ביידע חבר'טעם אָנגע-
הויבען צוזאַמען לייענען ראָמאַנען און זיך פערליעבען און די זעלבע
„העלדען" , וועלכע זיי האָבען געפינען אין די ביכער . צוזאַמען האָט
מען געקוקט אויף דער שענער שפּאַצירענדיגער לבנה און דער לויטע-
רער שענער זומער-נאַכט ווען דער סאָלאָוויי האָט זיך אַזוי זיס פערגאָ-
סען און פערטרעלט , און ווען מען איז געזעסען אין שטוב און מען
האָט דורך דעם פענסטער דערזעהן פערבייגעהן א יונגען מאַן האָט מען
זיך ביידע א וואורף געטאָן צום פענסטער און מען האָט זיך געשושקעט,
געחיחקעט און געקנייפּט ;

— זעה . נאָר , ער איז דאָך א בלאָנדער אוי , איך האַלט עס
נישט אוים ! ער קוקט דאָך אויף מיר , זאָגט איינע — איך שטאַרב ,
ער קוקט דאָך אויף מיר , רופט זיך אָן די צווייטע .

אָבער לאַנג האָבען די חבר'טעם נישט בעדאַרפט זיך אמפּערען
און ווײַטער געלעבט בשלום צווישען זיך :

זלאַטע מיט זעלדען, ווי אמת'ע פריילינס, האָט ב"ה גאָרנישט אויסגעפעהלט; זייער איין־און־איינציגער בלאָנדין האָט זיי נישט געלאָזט לאַנגווײַלען, און ווען די שטראַהלענדע זון האָט געשיקט איהר לעצטען שטראַהל אויף דעם „ערד־קוגעל”, האָט ער בשלום פאַר זעלדען געבראַכט אַ פרישען, נײַעם צאַפּעלדיגען צוואַנציג יעהריגען ברונעט מיט שוואַרצע האָר, מיט אַ ווײַסען זײַדענעם שרינט, וואָס האָט צוטײַלט זײַנע האָר אין צוויי אָבטײַלונגען, מיט שוואַרצע וואָנסעלעך, און מיט אַ ווײַם, ווי לאַבאַסטער, געזיכט — דאָס איז, ווי איהר קענט אַליין פערשטעהן, דעם בלאָנדינס אַ חבר. מען האָט ב"ה גאָרנישט אויסגעפעהלט, זאָג איך אײַך, טאַקע ווי אמת'ע פריילינס. עס איז געווען שפּעט בײַנאַכט, אַלע לאָדען צוגעמאַכט, נאָר ציגען און צאַפּעס זענען געלעגען אין מיטען גאַס אונגעשטערט דאָס אַנגענעהמע זיסע שטילקייט פון דער לויטערער נאַכט. קיינער, קיינער האָט גאָרנישט געזעהן און בעמערקט, נאָר די ליעבהאַרציגע לבנה האָט געקוקט ווי זלאַטע מיט זעלדען האָבען געשפּאַציערט מיט זייער בלאָנדין און ברונעט.

— אײַער געשטאַלט דערוואַרעמט מײַן האַרץ, טײַערע זשעניע! האָט ער געזאָגט, און זײַנע גאָלדענע האָר, האָט אַ וואַרעם ווינטעלע צובלאָזען.

— אײַערע פאַנסענע ליפּען צינדען אָן מײַן האַרץ, טײַערער באָריס! האָט זי געזאָגט, און איהרע הימלישע אויגען האָבען געטאָן בליקען.

— אײַער פּריזענט טראָג איך שטענדיג בײַ מיר אויף דעם האַרצען, טײַערער יאקוב!

—אין חלום זעה איך שטענדיג דײַן ליכטיג געזיכט, טײַערע סאָניע!

און די גרויסע שטילקייט פון דער ליכטיגער נאַכט האָט געטאָן הערען אַ סך פײַערדיגע „קושען” מיט ברענענדיגע פאַנסענע שמאַל זײַדענע ליפּען פון צוויי פּאָר היים־פערליעבטע.

אין דער גאַנצער שטאָדט איז שוין געווען פינסטער, נאָר פון צוויי הײַזער, פון צוויי פענסטער האָט געשײַנט, ווײַל די צוויי חברטעס, זלאַטע און זעלדע, האָבען נאָך נישט געקענט אַנטשלאָפען ווערען — זיי האָבען אַלץ געטראַכט: ווי שען, ווי ליעב איז די וועלט! ווי טײַער איז די געטליכע ליעבע!...

דער זיסער שלאָף האָט זלאַטען און זעלדען פאַרט גובר געווען און אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך זיי געטרוימט פון זייער געטליכער ליעבע.

## II.

## דער סוף פון דער געטליכער ליעבע.

עס איז אויך אמאל געװעזען א װינטער־נאכט. דער פראסט האט געבריענט, דער זילבער־װײַסער שנעע האט געסקריפעט אונטער די פים און אונטער אלעס װאס מען האט געטרעטען אויף איהם, און די לבנה (אוי די לבנה!...) האט געמאכט איהר שפאצירגאנג. שטיל איז געװעזען אין דער גאנצער שטאדט, אלע זענען שוין געשלאפען, אלע לאדען זענען שוין געװעזען פערמאכט, אפילו ציגען און צאפעס האבען איצט נישט געשטערט דאס שטילקייט פון דער ליכטיגער װינ־טער־נאכט (זיי זענען געלעגען אין די קאמערן צוזאמען מיט די שטיי־גען גענז). נאר פון איין פענסטער האט געשיינט, דארטען האבען גע־װאכט ביידע חבר׳טעס ביי זלאטעס עלטערען אין שלאפצימער.

—גערענק, האסט געזאגט ביי אייך, אז הײַנטיגע נאכט װעסטו נעכטיגען ביי מיר, איך האב מורא, מען זאל דיך נישט קומען רופען. האט זלאטע געזאגט מיט א שטארק קלאפענדיג הארץ.

— געה שוין נאר, װאס בין איך א קינד? איך האב זיי גוט אנגעזאגט, װאס איז די ערשטע נאכט נעכטיגען מיר צוזאמען? װאס פאלט דיר נאר איין אזא נארישקייט? האט זעלדע געענטפערט איהר חבר׳טע און פונדעסטװעגען אויך מיט א גרוים שרעקעניש.

זיי האבען זיך אלעמאל צו עפעס שטארק צוגעהערט און װייטער זיך שטיל געשושקעט.

—עס איז שוין, דאכט זיך, אזוי שפעט און זיי זענען נאך נישטא, אפשר װעלען זיי שוין נישט קומען.

— װאס פאלט דיר איין! פאר מיין בארים׳ען װעל איך געהן שװערען!

— און פאר מיין יאקוב׳ען װעל איך אויך געהן שװערען!

— דו האסט זיך גוט אנגעטאן, גארנישט פערגעסען, עס איז א גרויסער פראסט אין דרויסען, זעה עס זאל דיר נישט זיין קאלט.

— איך האב זיך גוט אנגעטאן, עס װעט מיר נישט זיין קאלט, טו זיך נאר דו אן װארים.

פלוצים האבען זיי דערהערט א שארך אין פענסטער, באלד האט זיך דאס פענסטער אויפגעעפענט, זלאטע מיט זעלדען זענען ארויסגע־

קראַכען פון פענסטער, און יאַקוב מיט באָרים׳ען האָבען זיי אונטערגע-האַלטען, דערנאָך האָבען זיי שטיל פערמאַכט דאָס פענסטער און זענען אַוועק אונטער דער שטוב.

דאָרט איז געשטאַנען אַ ברייטער שליטען מיט אַ סך שטרוי, ביידע פאָר פערד האָבען זיך גוט איינגעזעצט, וואַרעם ארומגעדעקט זיך, און זיך גוט איינגעטוליעט, די פערד האָבען זיך געריהרט, דער שליטען געסקריפּעט, די הענער האָבען געקרייעט, די גענז פון די פערמאַכטע קאַמערען האָבען געשריגען און דער שליטען מיט די פער-ליעבטע פּאַסאַזשירען זענען שוין געווען ווייט פון דער שטאָדט. נאָך ווייטער פון דער ווינט-מיהל.

— אַך! ווי זיס איז מיר אין דיינע אָרעמס, טייערער באָרים!

— ווי ליעב ביסטו מיר טייערע זשעניע!

— דיינע בליקען וואַרמען מיין האַרץ ווי די שטראַהלען פון דער זון, מיין טייערער יאַקוב!

— מיין האַרץ ווערט צוגאַנגען פון גרויס ליעבע צו דיר, מיין טייערע סאָניע!

—אַך! ווי זיס איז די ליעבע! האָבען ביידע פּאָר-פאָלק געזאָגט.

— וויאָ!... ריהרט אייך קינדער! האָט דער בעל עגלה גע-זאָגט צו די פערדלעך, צוגעפּייפט און צוגעפּיאַכקעט מיט דער בייטש.

אויף מאָרגען איז אויך געווען אַזאַ ליכטיגע ווינטער-נאַכט, דער פראָסט האָט געבּרענט, דער שנעע האָט געסקריפּעט אונטער די פיס און אונטער אַלץ וואָס מען האָט געטרעטען אויף איהם, און די לבנה האָט געמאַכט איהר שפּאַציערגאַנג — מען איז שוין געשלאָפען אין דער גאַנצער שטאָדט.

פלוצים אין דעם דאָזיגען גרויסען שטילקייט, האָט זיך געגעבען דער ווינט-מיהל געהערט אַ קול:

— וויאָ!... ריהרט אייך קינדער, וויאָ!...

— דו חצופה איינע!?... דו ווילסט מיר אָנמאַכען פינסטערע בזיונות!? מעהר געהט מיר נישט אָב צו היינטיגע טייערע פרנסות!... האָט זלאַטעס פאָטער געזאָגט.

— דו כל בו׳ניצע איינע!?... אַזוינע חפצ׳עלעך ווערסטו מיר מאַכען!?... מעהר געהט מיר נישט אָב צו מיינע היינטיגע טייערע צייטען!?... וואָרט נאָר אוים, דו ווערסט ערשט האָבען פון דער מאַמען!... האָט זעלדעס פאָטער געזאָגט.

די הענער האָבען אָנגעהויבען קרעהען און די גענז האָבען זיך אָנו צושריגען פונקט ווי זיי וואָלטען געוואוסט, אז מארגען דארף מען זיי קוילען.

און עס איז דערנאָך ווייטער געקומען א צייט, נישט ווינטער, נאָר אין א זומער-נאכט, ווען אין דער גאנצער שטאָדט איז מען שוין געשלאָפען, האָט ר׳ יודעל שדכן מיט זיין גראָבען שטעקען שטארק אָנגעקלאַפּט אין א לאָדען פון זלאטעס עלטערענס הויז.

— פערשטעהסט איהר מיך, זיי זענען שוין אָנגעקומען, פער-שטעהט איהר מיך! האָט ר׳ יודעל געשריגען, און מען איז באלד אלע מיט א שמחה אויפגעשטאַנען, אויף גיך אויפגעראָמט אין שטוב, אלע האָבען זיך אָנגעטאָן אין עסיג און אין האָניג, און זלאטען האָט מען אודאי אָנגעטאָן.

שפּעטער מיט א שעה זענען אָנגעקומען, אויך שבת׳דיג אָנגעטאָן, דער מחותן, דער התן און דעם חתנ׳ס עלטערע שוועסטער, זעהר מיט א ברייטען פּיסק, און ווען זי האָט גערעדט האָט זי געמוזט אלע מאָל זאָגען: „איך בין א יודענע, וואָס איך האָב ליעב צו געהן מיט דעם שטעקען אין דער ברייט״.

די מוטער פון דעם חתן האָט די עלטערע אויסגעגעבענע טאָכ-טער מיטגעשיקט, זי זאָל נישט לאָזען „שפּייען אין דער קאַשע״ ווייל זי האָט איהר מאַן געהאלטען פאר א פּלאָכען, פאר א לעמעשקע, א לעקיש און דעם חתן נאָך פאר א קינד, כאָטש ער איז שוין געוועזען א גרויסער בחור, און אויף זיין געזיכט האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבען אויסשיטען א בערדעל.

א צייט אין דער נאכט האָט מען זיך געאמפּערט, גערעדט, גע-זאָגט, דעם חתנ׳ס שוועסטער האָט אמאָל הונדערט געזאָגט איהר גלייך ווערטעל: „איך האָב נאָר ליעב צו געהן מיט דעם שטעקען אין דער ברייט״, דעם חתנ׳ס פאָטער האָט זיך אויסגעשנייצט די נאָז, עפּעס א יודעל מיט א רויט שיטער בערדעל האָט זיך געיאָוועט, ווי פון אונ-טער דער ערד. מיט איין אַקסעל העכער פון דעם צווייטען, ווי האָר-באַטע, א ציה געטאָן זיך אלעמאָל ביים בערדעל. פון כלה׳ס צד, האָט מען אויך גערעדט, ר׳ יודעל שדכן איז געוועזען פול אין אלע ווינקעלעך, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז עס איז געוואָרען טאָג האָט מען צובראָכען עטליכע טעלער און מען האָט געשריגען: „מזל טוב!״ „מזל טוב!״

אזא אָווענד איז טאַקע אין דעם איינעגעם יאָהר, אויך געוועזען ביי זלאטעס עלטערען אין הויז, פערשטעהט זיך, אויך א דאנק ר׳ יודעל

שדכן און אויך דאָס רויטע האַרבאַטע יודעל, וואָס האָט בײַ בײדע חבר׳טעס געשריבען „תנאים״. —

# III.

## עס קאָכט ווי אין אַ קעסעל.

זלאַטע און זעלדע זענען שוין לאַנג יונגע ווײַבלעך, מיט טשיפּיקלעך מיט פאַריקען, מיט סאַמעטענע מאַנטלען, מיט דרײַ טיך פאַר זאָקען, מיט אויריננגלעך, פינגערלעך, בעטגעוואַנט, רויטע וואַטאָווע קאָלדרעס, זילבערנע בענש-לײַכטער, דעמבענע געפּאָלירטע באַנק-בעטלעך און אַלץ וואָס יודישע יונגע ווײַבלעך פערמאָגען נאָך דער חתונה.

נישט לאַנג זענען זײ שוין אַראָב פון די „אײביגע קעסט״, זײ זענען שוין יונגע בעל-הבית׳טעס, אין דער צײַט איז זײ צוגעקומען נישט קײן לײדיגע ווינקעלעך, אַ סאַמאָוואַר, קאַטשערעס, לאָפּעטעס און גלאַט אַזוי אַבגעבּרענטע שטעקענס, אויך טעפּלעך, אַ צובער, אַ שפּיגעל, אַ ביסעל געפּאַרבט מעבעל, טעלער, גלעזער מיט אַ הילצערנעם פּאָלאָנעק. בײדע זענען קרעמערקעס, כמעט אַ קלײט אַ קעגען אַ קלײט. שבת, יום-טוב און פרײַע צײַט ווען קײן קונים זענען נישטאָ, זענען די חבר׳טעס געגאַנגען אײנס צום אַנדערען, אָדער זיצענדיג אויף די קלײנע בענקלעך נעבען די קלײטען האָט מען גערעדט, וואָס מען האָט צוזאַמען געזעהן אויף אַנדערע ווײַבלעך שבת אין שוהל, דערצעהלט וואָס טוט זיך אײנס בײַם אַנדערן אין טאָפּ, אָבגערעדט פון אַלדעס בײַז, דערבײַ האָט יעדע געזאָגט: „איך האָב פײַנט צו בערעדען יענעם״, געשושקעט זיך עפּעס שטילערהײד ווען זײערע מאַנען און געלאַכט, מיט אײן וואָרט, זײ האָבען זיך געפיהרט ווי עס פּאַסט נאָר צו פײַנע יודישע ווײַבלעך, און וואָלטען זיך אפשר אָבגעלעבט צווישען זיך אַזוי גוט, זײערע אַלע יאָהרען, זײער גאַנצע וועלט. נאָר עס איז געקומען אַ צײַט, עפּעס אַ שלעכטע שעה, וואָס זלאַטען האָט אָנגעהויבען פערדריסען, פאַרוואָס זעלדעס מאַן, אַברהם בער, קיבעלט און ליעבט אַזוי שטאַרק זײַן ווײַב זעלדען, איהר חבר׳טע, נאָר נישט אַזוי ווי איהר יוסף לײב זי.

איך בין דען נישט שענער, קלוגער און לייטישער פון זעלדען? פאַרוואָס=זשע היט מיין מאַן מיך נישט אַזוי אָפּ און ציטערט נישט אַזוי איבער מיר ווי איהר מאַן איבער איהר? ווען האָט מיר דען מיין יוסף לייב געזאָגט: „עס מיין לעבען", „רוה זיך אָפּ, האָסט זיך היינט אַזוי פיעל אָנגעאַרבעט מיט די קונים". איך זאָל יאָ עסען נישט עסען, פאַרשוואַרצט ווערען דעם גאַנצען טאָג אַרט איהם עס דען אַמאָל? אַבי גיב איהם אַלץ גרייט, ער קומט פון דאַווענען זאָל שוין ליגען דאָס ווייסע טישטיכעל, דאָס פרישע בילקעלע, דאָס ביסעל בראָנפען, דאָס גוטע שטיקעל פלייש, איך מעג מיינע שונאים ווי פאַרשוואַרצט ווערען מיט די קונים, נימער ערגער, איז נישט זיין געשעפט. טאָמער איז חו"ש נישט אַזוי גראָטען דאָס אָנבייסען, האָב איך שוין פון איהם צו זינגען און צו זאָגען, ווי גלייך ער האָט מיך גענומען פאַר זיינער אַ דינסט! זיי איהם אַ ווייב, אַ קרעטערין, אַ בעל=הבית'טע, זויג און טראָג, איז נישט זיין געשעפט. זאָל אַ מאַן אַמאָל זאָגען: „זלאַטע מיין לעבען, זעה נאָר ווי דו זעהסט אויס, פאַרוואָס עסטו נישט אין דער צייט, וואָס לאָזטו זיך פאַר חלש'ן דאָס האַרץ". זאָל אַ מאַן אַמאָל זאָגען „אָט נעהם טרינק אַ זיסע גלאָז טיי". אַבי ער געהט זיך מיט זיין אויסגעפּיצט פענעצעל, אויסגעבערשטעלט, מיט דעם שענעם שטעקעלע, מיט די געפּיצטע שטיוועלעך, אַודאי וועל איך טאַקע דער־פון האָבען דעם גן=עדן!?... שטענדיג איז ער אין דערהיים נישטאָ, געה אַלע נאַכט איהם עפענען די טיר מיט באָרוועסע פיס!... און איהר אַברהם בער, ער דאַרף גאָרנישט, גרייט איהם יאָ צום טיש, גרייט איהם נישט, געהט ער זיך אַליין צום אויווען נעהמען עסען, שטענדיג ליגט ער נאָר נעבען איהר ווי אַ הונט ביי דער טיר, ער דערלאַנגט איהר דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, ער „וואַשט איהר די פיס און טרינקט דאָס וואַסער" און זי רעדט קיינמאָל נישט מיט איהם אַ גוט וואָרט, נאָר זי שרייט אויף איהם. יענם מאָל ווען איך בין געוועזען ביי איהר, האָט זי זיך אַ ביסעל צושריגען: „אַברהם בער! אַברהם בער! דערלאַנג מיר די שיך! — אַברהם בער! דאָס קינד וויינט, איך האָב קיין כח נישט פון בעט אַ טריט אַראָבצוגעהן. אַברהם בער! דערלאַנג שוין דעם טשייניק, דו זעהסט נישט ווי דער סאַמאָוואַר זידט אויס!?"... און ער לויפט און דערלאַנגט אַלץ, פונקט ווי איהרער אַ משרת, און זאָגט איהר נאָך אַלעמאָל: „נאַ דיר מיין לעבען, טרינק מיין לעבען. זיץ, מען דאַרף נישט, איך וועל

אלײן נעהמען, רוה זיך אב. האסט זיך נעבעך אזוי אנגעהארעװעט, איך בעט דיך, מײן לעבען, טרינק א זיס גלעזעל טײ״. אוי װען מײן מאן זאל חאטש א צעהנט חלק אזוי זײן װי אברהם בער, װאלט איך זיך איהם באמת געװאשען די פיס און געטרונקען דאס װאסער! און פארװאס נישט? זעלדע איז אפשר שענער, קליגער פון מיר? מעהר בעל-הבית׳טע פון מיר אפשר? הארעװע איך דען װיניגער פון איהר? משטײנסגעזאגט, אזא פאסקודניצע, אזא גרינע יאשטשירקע, גאט זאל מיך נישט שטראפען פאר די רעד, א שטיקעל ברױט איז דאך מיאוס פאר איהר אױפצועסען, אזא שטינקערין, מען קען זיך צו איהר אין שטוב אפילו נישט ארײנגעהן: אלץ צװארפען, אלץ צובראכען, קײן זאך ליגט קײנמאל נישט אױף א ארט, דארף מען עפעס האבען — זוכט מען א גאנצע שעה, און װײסט מעהר נישט װי צו שרײען: אברהם בער! אברהם בער! דארט איז זיך געלעגען?! דא איז זיך געשטאנען?! מען טאר נישט אנידערשטעלען, אלץ װערט פערפאלען! הערט די גרינע יאשטשירקע נישט אױף צו קװיטשען, — טפו!... גאט זאל מיך נישט שטראפען פאר די רעד! האט זלאטע אױפגעהערט צו רעדען און אױסגעשפיגען דרײ מאל.

חאטש זלאטע פלעגט זיך אײנהאלטען מיט אלע איהרע קרעפטען נישט ארױסצוגעבען זעלדען, װאס ליגט בײ איהר אין הארצען, און טאקע װײטער געגאנגען, װי אלטע גוטע פרײנד, אײנס צום אנדערען, פונדעסטװעגען איז די שנאה צו זעלדען װאס װײטער און װײטער גרעסער און גרעסער געװארען, טיעף, טיעף בעגראבען אין הארץ. עס האט אין זלאטען געברענט װי א העליש פײער און געקאכט װי אין א קעסעל.

עס קאן זײן, אז װען זלאטע זאל פאר זיך נישט האבען אזא בײשפיעל װי איהר חבר׳טע טוט מיט איהר מאן װאס זי װיל, װאלט זי אפשר, װי כמעט יעדע יודישע טאכטער, נישט געװאוסט אפילו, אז א מאן דארף בעסער בעהאנדלען א װײב, און װאלט מיט איהר יוסף לײבען געװען צופרידען, נאר זעהענדיג טאג טעגליך אזא בײשפיעל, האט זי עס נישט געקענט איבערטראגען.

## IV.

# עס דערקאָכט זיך .

אײַנמאָל אין א ווינטער שבת-צונאַכטס , באַלד נאָך דער הבדלה , האָט זעלדע געזאָגט איהר מאַן : אַברהם בער ! אַברהם בער ! פאַר פאַרע טײַ , וויש מיר אויס א גלאָז און גיה אַרײַן צו זלאַטען זיך אָבּ-רעכענען פאַר דער סחורה , וואָס מיר האָבען צוזאַמען געקויפט בײַם בערדיטשעווער סוחר . מען לעגט אָב פון אײַן שבת-צונאַכטס אויף דעם אַנדערען . וואַרט נאָר אויס , אַברהם בער , דערלאַנג מיר דאָס קינד , דו הערסט ניט ווי עס ווײַנט ? און זאָג דער דינסט , זי זאָל צושטעלען א טעפּעל קאַרטאָפליעס און פאַר מיר אין א קלײן טעפּעלע א יאַכעל פון דעם פערטעל עוף מיט דעם פּיפּעקיל , אַברהם בער ! ! . . . אַברהם בער האָט אַלץ אָבגעטאָן , וואָס זעלדע האָט געהײסען און נאָך אין די שבת'דיגע קלײדער איז ער אַוועקגעגאַנגען צו זלאַטען .

— א גוטע וואָך אײַך , זלאַטע , וואו איז אײַער יוסף לײב ?

— א גוט יאָהר זאָל אײַך זײַן . . . זיצט . . . — עט . . . איהר ווײסט דען ניט , אז ער איז קײנמאָל ניט אין דערהײם , ער קעהר שײַן מיט דער חברה שפּילען אין „אָקע" , משטײַנסגעזאָגט אויך א לעבען ! . . .

— איך האָב זיך געוואָלט אָבּרעכענען וועגען דער סחורה , וואָס מיר האָבען צוזאַמען געקויפט בײַ דעם בערדיטשעווער סוחר .

— מיר וועלען זיך נאָך אָבּרעכענען , וואָס האָט איהר קײן צײַט ניט , זיצט דערווײַל , שבת בײַטאָג מיט דעם לאַנגען פרײַטאָגצונאַכטס , האָט מען זיך גוט אויסגעשלאָפען און אויסגערוהט , זעצט זיך אָט דאָ נעבען דער רובע , נעבען מיר , מיר זענען זיך ניט אַזוינע חסידים , איהר מעגט זיך זעצען נעבען דער רובע , אין דרויסען נעהמט א גוטער פראָסט , אָט וועלען מיר טרינקען א גלעזעל טײ , שטענדיג האָט איהר קײן צײַט ניט צו זיצען , איהר לויפט נאָר אַהײם . איהר האָט מורא מען זאָל זעלדען ניט צו גנב'ענען , נישקשה , איהר מעגט אויך א ביסעל זיצען , אַז מײַנער זיצט איבער אין פרעמדע הײַזער גאַנצע טעג און נעכט ? האָט מען מיך דען אַוועקגעגנב'ט ? טרײַב איך איהם דען אַרויס ? און איך דאַרף איהם נאָך כמעט אַלע נאַכט א באָרוועסע אין אַזוינע קעלטען געהן עפענען די טיר . אוי האָב איך א מזל , א לעבען ,

מיין פריינד, עס איז זיך נישטא, פאר וועמען דאס הארץ אויסצורעדען׳ מען איז פארטראגען משטיינסגעזאגט אין פרנסה, ווען האט מען צייט אזוי צו זיצען און רעדען מיט א אמת'ן פריינד?... טרינקט א גלאז טיי, ר' אברהם בער, האט זי דערווייל אנגעגאסען צוויי גלעזער און דערלאנגט איינע אברהם בערן.

ביי זלאטען אין שטוב איז געווען ווארעם, און זעהר אנגענעהם צו זיצען. אין ליכטיגען צימער איז געווען ריין אין יעדען ווינקעל, אלץ איז געשטאנען און געלעגען אויף א ארט, יעדע זאך פארפוצט, גלעזער טעלער און אנדערע זאכען זענען געשטאנען זעהר שען אויסגעשטעלט אין א גלעזערנע שאפע. עטליכע שטיקלעך קופער מיט מעש, וואס זענען געשטאנען אויף דער שאפע, האבען אראבגעשפרינקעלט און אראבגעשפיעגעלט פון ריינקייט. אלץ איז ביי זלאטען געווען אין שענסטער ארדנונג, ווי נאר ביי א בעל-הבית'טע, וואס האט פיינט צו זיצען מיט פערלעגטע הענד. זלאטע אליין איז געגאנגען אויף דעם קאפ א ווייס געפרעסט טשיפעקיל מיט א סך שליארקעלעך, דורכגעצויגען מיט א דין בלוי-זיידע סטענגעלע און אנגעטאן אין א ווייס געפרעסט קאפטעלע. אברהם בער האט זיך אזוי גוט און געשמאק געפיהלט ביי זלאטען אין שטוב, אז ער האט נישט בעמערקט, ווי די צייט געהט אזוי גיך אוועק.

אין זיין גאנץ לעבען, האט אברהם בער, זעהר זעלטען געטרונקען טיי פון א ריינעם געפינקעלטען סאמאוואר און געזעסען אזוי שטיל, רוהיג, געשמאק ווי איצט.

— יא, מיין פריינד, האט זלאטע ווייטער אנגעהויבען רעדען נישט יעדענס מזל איז גלייך, מיט אייער זעלרען זענען מיר פון געבוירען אן חבר'טעם, אונזערע עלטערען זענען נישט רייכער איינע פון אנדערען, כמעט אין איין צייט כלות געווארען, חתונה געהאט און וואס פאר א געטרייען גוטען מאן האט זי און וואס פאר א שלאק האט גאט מיר צוגעשיקט? — מיר דאכט זיך, ווען מיינער זאל זיין אזוי ווי איהר, וואלט איך איהם די פיס געוואשען און דאס וואסער געטרונקען! דאס בעסטע און דאס שענסטע וואלט ער ביי מיר געהאט! וואס וואלט מיר דאן אבגעגאנגען? גלויבט איז גאט, נישט צו פערזינדיגען ביי אזא הארוואניע, פרנסה איז ב"ה דא, וואס-זשע וואלט מיר אבגעגאנגען, ער זאל חאמש זיין מיט האלב מעלות ווי איהר? טרינקט ר' אברהם בער, עס ווערט קאלט די טיי, אפשר אייך געבען עפעס צו דער טיי פערבייסען?

זלאטעס רעד זענען אברהם בער׳ן גלײַך געגאנגען אין הארצען, פון איהרע רעד האט ער געהאט גרוים פערגניגען.

ער האט אזוינע גוטע ווערטער און לויבען געהערט דאס ערשטע מאל אין זײַן לעבען.

אברהם בער איז ערצויגען געווארען אהן א מוטער: זי איז איהם אזוי יונג געשטארבען, אז פון איהר גאנץ געזיכט געדענקט ער מעהר נישט איהרע געטרײַע, זיסע, שווארצע, געשמאקע אויגען, וואס פלעגען אויף איהם אמאל קוקען פול מיט געטרײַשאפט און ליעבשאפט. ער געדענקט, ווי זײַן מוטער פלעגט איהם נעהמען אויף די הענד, צודריקען צום הארצען, צו איהרע מחיה׳דיגע ליפען און ער פלעגט זי גלעטען בײַ דער באק, ער געדענקט, אז דעמאלט איז איהם אזוי גוט געוועזען, אזוי גוט.

ער געדענקט אויך, ווי איהרע טײַערע אויגען האבען אמאל אויף איהם לאנג געקוקט, ווארעמע גוטע ליפען, האבען זיך געטולעט, געטולעט אויף זײַן גאנץ געזיכט, אויף זײַן גאנץ קלײַנעם קערפער, ער האט געפיהלט ווי זײַן געזיכט איז איהם פלוצים נאס געווארען פון טרעהרען, וועלכע ער האט אלײַן געזעהן ווי זיי האבען זיך לאנגזאם, לאנגזאם ארויסגעקאטשעט פון די טײַערע, טײַערע אויגען און מעהר... מעהר געדענקט אברהם בער גארנישט!...

זײַן גאנץ לעבען האט ער מעהר שוין נישט געוואוסט פון טרײַשאפט, פון ליעבע און פון א גוט ווארט. ווען ער האט חתונה געהאט פאר זעלדען האט ער געזוכט אין איהר: א פרוי, א מוטער, געטרײַשאפט און ליעבשאפט; ער האט אין איהר געזוכט אט יענע, יענע טײַערע און זיסע שווארצע אויגען, וואס ער האט מעהר אין זײַן גאנץ לעבען נישט געקענט געפינען, נאר... נאר ער איז בײַ זײַן פרוי געווארען דערזעלבער משרת, ווי ער איז געוועזען ביז דער חתונה. אזוי האט ער זיך געלעבט מיט זײַן זעלדען צופרידען, גאר קײַן טענות געהאט קײַנמאל צו עמיצען פאר אזא משרת׳דיג לעבען. ער האט גאר פערגעסען, אז עס קען אנדערש זײַן. נאר עס איז גענוג געוועזען אײַן שוועבעלע, אז זײַן עלענד יתום׳דיג הארץ זאל זיך פון אזא לאנגען פראסט שטארק דערווארעמען, דאס שוועבעלע איז אין זײַן גאנץ לעבען קײַנמאל נישט פארגעקומען, נאר איצט האט ער זיך בעגעגענט מיט אזא שוועבעלע, מיט זלאטען.

— ווי גאט פאארט! האט ער זיך געטראכט, ווען זלאטע האט

זיך איהר הארץ פאר איהם אויסגערעדט — האָט דען דער איינגענער יודעל שדכן נישט געקענט פאַרדרעהען ווי עס דארף צו זיין ? דארף זיך אויסלאָזען פונקט פאַרקעהרט ! . . .

— וואָס האָט איהר זיך אַזוי פערטראַכט, האָט זלאטע איהם פּלוצים איבערגעשלאָגען, אַ פּנים איהר הערט גאָרנישט, וואָס איך רעד ?

— אַ ניין, ליעבע זלאטע, איך הער גוט, צופיל גוט, מעהר אפילו ווי מען דארף.

— ווי אַזוי זשע איז מען אַזוי פארטראַכט, ווען מען הערט אַזוי גוט ?

— איך קען אייך נישט לייקענען, און מוז אייך זאָגען, אַז איך האָב געטראַכט כמעט ווענען דעמזעלבען, וואָס איהר האָט גערעדט; איך האָב געטראַכט „ווי דער שיקזאל פאַרט שלעכט !" האָט דען דער איינענער יודעל שדכן נישט געקענט פאַרדרעהען ווי עס דארף צו זיין, איהר זענט זיך צוויי חבר'טעס פון איין שטאָדט ?

זלאַטע האָט זיך שטארק פערשעמט פון זיינע ווערטער. זי האָט מעהר אַ וואָרט נישט געקענט רעדען.

אברהם בער'ן האָט זיך איצט שטארק געעפענט דאָס מויל:

— וואָס מיינט איהר, מיר איז בעסער פון אייך ? אַ, מיר איז פיעל ערגער, איהר זענט חאָטש אַ בעל-הבית'טע ביי זיך אין הויז, איך ווייס נישט פון רוהע, פון טאָג און נאַכט, איך ווייס נישט פון קיין גוט וואָרט, געטריישאַפט, איך ווייס נישט פון קיין לעבען. וואָס קומט מיר אַרויס פון מיין האָרוואַניע, אַז פון אַלץ ווערט אַ תל, אויף קיין זאַך קוקט מען נישט, קיין זאַך פערזעלט מען נישט, ווער עס האָט גאָט אין הארצען דער בעגנב'ט מיך, בלאַטע און שמוץ אומעטום ! און זי וויל פון קיין זאַך נישט וויסען, קללען נאָך זי ! זי מיינט גאָר אַנדערש נישט, אַז אַ מאַן איז נאָר דערויף, מען זאָל האָבען אויף וועמען צו שרייען: „אברהם בער ! גיב מיר דאָס, אברהם בער גיב מיר יענץ". איך האָרעווע די גאַנצע וואָך, לאָם איך האָטש איינמאָל אין דער וואָך זעהן ווי עס דארף צו זיין אַ פרוי, אַ בעל-הבית'טע, אַ מוטער.

דאָ האָט ער זיך אָבגעשטעלט, פערחלינעט, אַזוי ווי דאָס שטאַרקע וואַסער שטעלט זיך אָב, ווען עס קומט צו אַ שטאַרקע אייזערנע בריק.

אברהם בער איז אין דער מינוט געווען אַזוי שעהן אין איהרע אויגען, אַזוי גוט און ליעב, אַז זי האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ שענעם

מענשען נישט געזעהן, זי האט אנגעקוואלען קוקענדיג אויף איהם, און האט געוואלט אריינקוקען אין זיינע אנגעצונדענע אויגען, אריינקוקען אין זיין נשמה, און איהר הארץ אינגאנצען אריינגיסען צו איהם, נאר דאס קינד האט פון שלאפצימער זיך צוויינט. אויגענבליקליך האט זי אלץ אוועקגעווארפען און געלאפען אין שלאפצימער, זיך דארט געזאמט מעהר ווי א פערטיל שעה און צוריקגעקומען מיט א אויסגעשלאפ"ן זאט קינד מיט אפענע אויגעלעך און א זיס געלעכטערעל האט געשפיעלט אויף א קליין פיצעלע ליעב מיילעכעל.

— גאלדעטשקע, מיינינטשקע, גאלדיוסקענע טייערע, ליובענקע, אליאלענקא, פיצאניאשענקע, פיציאנקע, פיצעלע, בסעקעלע, טייערע, לעבען מיינס! מיינס! האט זלאטע נישט אויפגעהערט צו האצ־קען זיך מיט איהר דרייפערטעל יעהרעדיג קינד, גערעדט אויף דער איבעראל־בעקאנטער „מוטער־קינדער־שפראך“ און אלץ גערוקט זיך מיט דעם קינד צו אברהם בערן, ער זאל זעהען גאטס־וואונדער, ווי א קינד פון דרייפערטעל יאהר האלט אפען די אויגעלעך, קוקט אויף דער שיין, טאלאפעט מיט די הענדטעלעך און שמייכעלט!...

אברהם בער איז געזעסען ווי פערטומעלט, ער האט יעצט אין זלאטען דערקענט זיין מוטערס טייערע, טרייע שווארצע ברענענדיגע אויגען, ער האט דערקענט זיין מוטערס שפראך, ער האט געפונען דאס, וואס ער האט אין זיין גאנץ לעבען ביז אין דער מינוט נישט געפונען.

---

## V.

## היימישע און אפענע סצענעס.

זייט דעם ווינטערדיגען שבת־צו־נאכטס איז שוין אוועקגעגאנגען א צייט און אברהם בער פלעגט כמעט די גאנצע נעכט פערברענגען ביי זלאטען אין הויז. איהר מאן, יוסף לייב, פלעגט שוין פארשפארען קלא־פען שפעט ביינאכט און זלאטע פלעגט פארשפארען זיך אלעמאל פער־קיהלען אראבגעהענדיג בארוויס עפענען די טהיר.

זעלדע האט נישט אויפגעהערט צו שרייען, אז זי וועט סוף כל

סוף בעקומען די עקטיקע פון זיין איבערזיצען ביי זלאטען די נעכט, נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפען.

זלאטעס מאן יוסף לייב איז אין אָנהויב געווען זעהר צופרידען פון אברהם בערס שפּעט זיצען ביי איהם אין שטוב, ער פלעגט פערשפּאָרען שטעהן ביינאכט, קלאפען און פרירען, נאָר שפּעטער האָט איהם אויפגעהערט צו שמעקען אברהם בערס שפּעט זיצען. דער אָנהויב איז געווען דערפון:

— איז עפּעס נישטאָ, וואָס צו עסען, זלאטע?

— אָ וואָ, איך האָב פערגעסען, אברהם בער איז הונגעריג געוואָרען, קוקענדיג אויף איהם האָב איך אויך בעקומען אפּעטיט, האָבען מיר דיין וועטשערע אויפגעגעסען.

אמאָל נאָך אזאַ ענטפער, ווען ער איז זעהר הונגעריג געווען, פלעגט ער פרעגען:

— טאָמער איז דאָ עפּעס אנדערש צו עסען?

— נישטאָ, חלעבען נישטאָ.

— טאָמער איז דאָ האָטש א קיכעל?

— מיר האָבען דאָס לעצטע קיכעל אויפגעגעסען צו דער טיי, א ביסעל בראָנפען טאָמער ווילסטו איז נאָך געבליבען.

— גיב מיר א שטיקעל ברויט וועל איך פערבייסען.

זלאטע איז אוועק אין קיך נעהמען ברויט און האָט זיך דערוויל דערמאָהנט, אז עס האָט גראָדע אויסגעפעהלט ברויט.

— טאָמער ווילסטו אביסעל איינגעמאכטס איז דאָ, איך האָב פערגעסען, אז דאָס לעצטע שטיקעל ברויט האָט די קעכין אויפגעגעסען, עס איז יאָ געווען אַ זעמעלע האָט זיך דאָס קינד אויפגעכאַפּט און מען האָט עס „פערפּארעט", עס האָט קיין עין-הרע אינגאנצען אויפגעגעסען, איהר האָט געזעהען, ר' אברהם בער, ווי דאָס קינד האָט געקוואָלען און געפּאטשט מיט די הענדטליך פאר פרייד, איך זאָג דיר, יוסף לייב, איז דאָס אַ קינד! א קינד! טאַקע אַ שטיק געזונד אין הארץ!

יוסף לייב האָט, ווי איהר פערשטעהט אליין, נישט געקענט זאט ווערען דערפון, וואָס דאָס קינד, דאָס טייערע פּיניאָטשקעלע, האָט געפּאטש מיט די הענדטלעך, און אברהם בער האָט דאָס געזעהן. יוסף לייב האָט אָנגעהויבען קומען אַ זאטער אהיים, און עס האָט איהם ווייטער אויפגעהערט אַרען, וואָס אברהם בער זיצט שפּעט ביי איהם אין הויז, נאָר שפּעטער האָט ער איהם פאָרט נישט געשמעקט. ער האָט

א שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז, אויסגעגלייכט זיין פערקעמט, געפּוצט בערדעלע, אייסגעריבען זיך די אויגען און אָנגעהויבען צו ביסלעכווייז קומען פריהער אהיים און מען איז שוין אלע דריי צוזאמען געזעסען שפּעט ביינאכט.

אין א צייט שפּעטער האט זיך יוסף לייבען אנגעהויבען שטענדיג וועלן פריה שלאָפען, נאָר נישט אלעמאל איז איהם אָבגעראָטען, אלע זאָלען זיך צוליעב איהם געהן שלאָפען. ער פלעגט געהן אליין שלאָפען, און אברהם בער מיט זלאטען פלעגען זיך טאקע וויטער בלייבען זיצען.

יוסף לייבען פלעגט זיך אָבער נישט קענען שלאָפען אליין.

אזוי לאנג אזוי ברייט, ביז עס איז געקומען צו הייסישע סצענעס צווישען יוסף לייבען מיט זיין ווייב זלאטע.

— איך וויים נישט, זלאטע, צו וואָס זיצט דו איבער די גאנצע נעכט מיט אברהם בערן?

— וואָס נאָך ווילסטו? איך זאָל שוין מיט קיין מענשען גאָרנישט טאָרען זיצען א איבעריגע שעה? דאָס ווילסטו מיר אויך פערוועהרען?

— אָבער?...

— וואָס אָבער? רעד!

— אָבער אזוי שפּעט? און יעדע נאכט, וואָס וועט די וועלט זאָגען...

— וואָס די וועלט וועט זאָגען ארט מיך נישט, אָבער דו, מיין מאן, האסט עפּעס צו זאָגען אויף מיר? זאָג! ניין—זאָג! איך לאָז דיך נישט אָב, זאָג באלד, די מינוט, האסט עפּעס צו זאָגען?!?

— ניין, איך האָב גאָרנישט צו זאָגען...

— נו, ב"ה, אז דו מיין מאן האסט גאָרנישט וואָס צו זאָגען, שטעל איך ארויס דער גאנצער וועלט פופצעהן פייגען און איך וועל זיך וויטער זיצען מיט אברהם בערן, ווי שפּעט איך וועל נאָר וועלען — מיינע גרויסע פערגניגען? זאָלסטו מיר דאָס אויך פערוועהרען? אפשר זאָל איך האָבען פערגניגען דערפון, וואָס מען זעהט דיך קיינמאל נישט אין דערהיים!...

— ניין, זלאטעשקע, איך קום שוין היינט פריה אהיים.

דאָס ערשטע מאל, האט ער זיין פרוי אָנגערופען פערצייגען „זלאטעשקע", נאָר זי האט נישט געהערט דאָס נייעס און נישט באַמערקט און וויטער גערעדט:

— איצט האָסטו אָנגעהויבען קומען פריהער אהיים, א צדיק אויף דער עלטער, פריהער האָסטו מיך אַליין געוועהנט דערצו, איך זאָל דיך זעלטען אָנקוקען און איצט ביזטו געוואָרען פרום. מיר איז איצט נישט אומעטיג, דו האָסט מיך אַליין אַזוי צוגעוועהנט, דו קענסט יאָ קומען שפעט און נישט קומען. פאר מיר איז אלץ איינס.

— זלאטע! צופיעל האָסטו זיך צורעדט, איך רעד מיט דיר מיט גוטען, און דו זוכסט זיך עפעס, זעה דו זאָלסט נישט פערקריכען צו ווייט!

— וואָס שרעקסטו מיך אַזוי? איך האָב זיך פאר דיר נישט דערשראָקען!

— זלאטע!?... געדענק! דו פערגעסט זיך! האָט יוסף לייב געזאָגט, זיך איינהאַלטענדיג פון כעס, — געדענק זלאטע, דו וועסט חרטה האָבען!

— פאר מיר איז אַלץ איינס.

—זלאטע! דו ווייסט, צו וואָס דו קענסט ברענגען?!? געדענק! דו וועסט שטארק חרטה האָבען!

— אלץ איינס... האָט זי געזאָגט, אַוועקמאַכענדיג מיט דער האנד.

— זלאטע!? זלאטע!!? געדענק, אז דו שפיעלסט זיך מיט פייער! דו הערסט, מיט וואָס דו שפיעלסט זיך? — זלאטע!!!... האָט יוסף לייב פון גרויס כעס געשריגען.

— איך ווייס, איך ווייס — אלץ איין שווארץ יאָהר.

— זלאַטטע?!... געדענק!... דו מיינסט אודאי, איך וועל דיך גט'ן, אַט ווי לאנג קרענקסטו און זאָלסט צוזאמען מיט איהם, דו וועסט מיך שוין אָנקוקען, ווי דו קוקסט אָן דיינע אויערען!

—קרענק און זאָג אַליין! וואָס האָסטו צו יענעם? ווילסט אוועק-פאָהרען פאָהר צו אלרע שווארצע יאָהר!

ז-ז-ז-ל-א.. א.. א-ט-ט-ט-ע!!! האָט ער שרעקליך ווילד אָנגע-הויבען שרייען, פילדערן, שטארק טופען מיט די פיס, מאַכענדיג מיט די הענד אַרום און אַרומלויפענדיג איבער דער שטוב.

* *

*

עס איז אויך געקומען צו שטאַרקע היימישע סצענעס צווישען

זעלדען מיט איהר מאַן אַברהם בער.

— וואָס ווילסטו?!... דו!!? וואָס ווילסטו? די עקטיקע מיר מאַכען?! האָט זעלדעס מויל אויף גיך געמאָלט, געבאַלבעט מיט א געקוויטשעריי.

— די עקטיקטע?! מיר מאַכען די עקטיקע?!? האָט זי נישט אויפגעהערט צו פינגען, ווען זי האָט געזעהען, אַז ער שווייגט.

— וואָס שווייגסטו, דו איינער... דו... דו... דו ווילסט מיר דערגעהן מיינע יאָהרען!? מיינע טעג!? אין דער עקטיקע ווילסטו מיך אריינטרייבען!? אין דער עקטיקע!?...

— הער מיר אויף צו עקטיקען און קוויטשען, איך דאַרף דיך איינגאַנצען האָבען אויף כפרות מיט דיין עקטיקע און אָהן דיין עקטיקע, אַיידער אַזאַ ווייב ווי דו צו האָבען, איז שוין גלייכער אין דער ערד צו ליגען.

— א!? די חצופה?!? די חצופה געפעלט דיר, אָט די... די וואָס איז נאָך מיידעלוויז אַנטלאָפען מיט א ברונעט... אָט די אויסגע-לאָסענע...

— שטילער זאָל זיין! דו אַזעלכע און אַזעלכע, קיין שלעכט וואָרט זאָלסטו אויף איהר נישט זאָגען, וואָרום איך וועל דיר פּלעטען דעם קאָפּ מיט אַלץ, וואָס געפינט זיך אין שטוב, נו, טאַקע זלאָטע געפעהלט מיר מעהר ווי דו, הלואי וואָלסטו געווען חאָטש האַלב ווי זלאָטע, חאָטש אַ פערטעל בעל-הבית'טע ווי זלאָטע, חאַלעריע דו איינע! אָט נעהם און זעה אַליין, וואָס עס טוט זיך ביי דיר אין שטוב? קען דען אַ לייטישער מענש אריינקומען אַהער? און דו מיינסט, אַז אַ מאַן איז אַ משרת, ער זאָל דיר אַלץ אונטערטראָגען און אונטערווישען.

— נאַ זעה, אומגליקליכע!! האָט ער פּלוצים אַ שרעקליכען גע-שריי געטאָן, און פון כעס ארויסגעחאַפּט דאָס קינד פון וויגעלע, נאַ זעה ווי עס פוילט ביי דיר דיין איינציג קינד, זעה וואָס פאַר אַ שמוץ, וואָס פאַר אַ ברוד, זעה ווי עס איז אויסגעדאַרט, נאַ! נאַ! זעה! זעה! מיין גאַנץ בלוט ווערט דאָך אין מיר איבערגעקאָכט, קוקענדיג; דער גאַנצער גיהנם וועט זיין קאַרג פון דאַנעט וועגען פאַר דעם אונשולדיגען קינד! געה לערן זיך און זעה ביי דער „חצופה‟, — ביי דער צדיקת, זעה וואָס זי איז פאַר אַ מוטער, וואָס פאַר אַ בעל-הבית'טע, געה, געה, גיהנם'טע!!

זעלדע האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, און זיך צוּוויינט, זי האָט איינינגע מינוט געחליפּעט.

— עס איז דיר קאַרג די עקטיקע, ווילסט מיר נאָך דערגעהן דאָס לעבען? האָט זי שטיל געוויינט.

איהרע טרעהרען האָבען גערירט אַברהם בערן.

— ווער איז דיר שולדיג, אַז נישט דו אַליין?

— וואַרט נאָר אויס, וואַרט, וועסט זיך גיך דערוואַרטען, וועסט חרטה האָבען!

— וואָס?

— וואַרט נאָר אויס..

— וואָס? רעד ווערטער! וואָס וועל איך זיך דערוואַרטען? וואָס וועל איך חרטה האָבען?

— וועסט שוין זעהן... וואַרט נאָר אויס אַ ביסעל...

— זאָג שוין נו? האָט ער אָנגעהויבען אַ ביסעל ווייכער, ווייל זיין האַרץ האָט איהם געשראָקען: מאַלע וואָס אַ שוואַכע יודענע קען טאָן מיט זיך.

— אָט באַלד וועסטו שוין זעהן...

— וואָס ווילסטו טאָן?! זאָג שוין! האָט ער מיט נאָך מעהר שרעק און ציטערניש זי געפרעגט — נו! זאָג שוין!

— אָט נעם איך נאָר דעם שאַל און פאָהר גאָר אַוועק צו דער שוועסטער קיין פּיפּיוּוקע.

— טפו אָ!! האָט ער אויסגעשפּיגען דריי מאָל, וואָס עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט היינטיגע און יענע נאַכט זאָל זיך אויסלאָזען צו אַלע בייזע קעפּ — וואַרט אויס מיין ווייב! נאַ דיר אויף הוצאות (ער האָט אַרויסגענומען דאָס בייטעלע) און פאָהר געזונדערהייט און האָב אַ גליקליכען שליט-וועגס, גריס פריינדליך גאַנץ פּיפּיוּוקע און דיין שוועסטער אויך.

פערשטעהט זיך, אַז אין צעהן מינוט אַרום איז זעלדע ב״ה בשלום געקומען צופאָהרען צוריק פון פּיפּיוּוקע און האָט צוריק אויסגעטאָן דעם סטראַשנע שאַל, מיט וועלכען זי האָט אַזוי געשראָקען אַברהם בערן און געמיינט, אַז ער וועט באַלד פאַלען איהר צו די פיס, קלאָגען און וויינען און זי איבערבעטען.

איין זאַך פון די איינציגע פאַר זאַכען, וואָס האָט זי געזאָלט מיט נעהמען אויף דער רייזע קיין פּיפּיוּוקע איז עד היום פאַרפאַלען. זי

האָט שוין איבערגעקעהרט די גאַנצע שטוב און דער זאַק איז ווי אין וואַסער אריין.

* *

*

פון שטוב האָט מען דאָס מיסט ארויסגעטראָגען עפענטליך אין גאַס. אָנהויבען פלעגט זיך אָנהויבען פון אַ קונה, אָדער עפּעס איבער אַן אַנדער זייטיגע זאַך. קיינמאָל האָט זיך זעלדע מיט זלאַטען נישט געקריגט איבער קיין קונה און אין דער לעצטער צייט האָט זיך געפונען איבער וואָס צו קריגען זיך:

— זייט-זשע מוחל, שענע סחורה, קומט אריין!

— אָט דאָ קומט אריין, די בעסטע וואָלוועלע סחורה!

— דו! וואָס שלעפּסטו מיין קונה?

— האָסט אַ קאָנטראַקט אויף איהם?

— האָבען זאָלסטו קרענק!

— האָב אַליין, וואָס דו ווינשסט יענעם!

— זאָל עס דיר אָנגעהן, וואָס דו ווינשט מיר.

— דו מיינסט מען קען דיך נישט, מען ווייסט וואָס דו ביזט!

— און דיך קען מען נישט?

— דו זאָלסט נאָר פערשטומט ווערען, רבונו של עולם!

— דאָס מויל זאָל זיך דיר צו מאַכען, זאָלסט שוין גאָרנישט קענען רעדען!

— חאַפּט דיך דער רוח!

— זאָל דיך דער רוח חאַפּען!

— מיין טאַטען שטעהט גאָרנישט אָן מיט דיר צו רעדען!

— מיין טאַטען אודאי נישט!

אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער אָהן אַ ענדע, אַזוי ווי עס קען זיך קיינמאָל נישט ענדיגען ווייבערשע רעד, אַזוי אויך ווייבערשע קללות.

אין מאַרק, וואו עס איז פאָרגעקומען טאָג טעגליך אַזוינע סצענעס, האָט מען נאָר געוואוסט, אז זיי קריגען זיך מסתמא איבער אַ קונה, אָבער זיי ביידע האָבען גוט און ריכטיג פערשטאַנען און געוואוסט, פאַרוואָס זיי שעלטען זיך, און פלעגען זיך יעדען טאָג שעלטען ביז דאָס מויל האָט וועה געטאָן.

# VI.

## דער סוף פון די סצענעס.

יוסף לייב איז עד היום נישט אַוועק אויף דער וועלט, און ווי קען ער גאָר אַוועקפאָהרען? אַז ער האָט אָנגעהויבען שטאַרבען נאָך זײַן „זלאַטעטשקעס" טויט. יוסף לייב איז פראָסט אין זײַן ווײַב פערליעבט. ער היט זי אָב און דרעהט זיך אַרום זײַן זלאַטעטשקען פונקט ווי אַ הײַס=פערליעבטער אָן אַ שענע פרײַלין פון אַכצעהן יאָהר, ער זעהט גאָר קיין שענערס נישט ווי זײַן „ווײַבעלע", „זײַן זלאַטעטשקע". איהר וועט יוסף לייבען הײַנט נאָר געפינען אין קלייט אָדער בײַ זיך אין הויז, ער האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע אַרבייט אין קלייט, ער היט זלאַטען אָב ווי זײַנע אויגען אין קאָפּ, ער טראָגט איהר אָפט אונטער אַ זיס גלעזעל טיי, און זאָגט איהר ווי אַ פערליעבטער מאַן: „מײַן הארץ" אָדער „מײַן לעבען", טרינק אַ זיס גלעזעל טיי, האָסט נאָך הײַנט אין מויל נישט געהאַט". געהן אין קיין פרעמדע הײַזער אָדער חאַפּען ערגעץ אַ „אָקעלע" האָט יוסף לייב יעצט קיין צײַט נישט און אַז עס בלײַבט איהם יאָ צײַט, איז בײַ איהם דאָס בעסטע פערגניגען זיצען זיך מיט זײַן ווײַבעל, שפּיעלען זיך מיט זייער גאָלדעטשקען, מיט דעם „פּינאָטשקעלע". נישט נאָר זי טאַלאַפּעט הײַנט מיט די הענדטעלעך נאָר זי לויפט שוין איצט אַרום מיט די פיסלעך. אַמאָל געהט יוסף לייב מיט זײַן זלאַטען צו אַ פרײַנד צו גאַסט, נאָר עס ציהט איהם שטענדיג ווי אַ מאַגנעט.

* *

*

זעלדע, ווי איהר געדענקט, איז קיין פּיפּיוּקע צו דער שוועסטער טאַקע עד היום נישט געפאָהרען, איך זאָג אײַך, אַז איהר וואָלט זי בעדאַרפט איצט אָנקוקען, וואָלט איהר זי, חלעבען, נישט דערקענט. איהר זאָלט זעהען, ווי זעלדע פוצט זיך! זי וויל אַלץ געפעלען איהר אברהם בערן און וויפיעל מאָל ער האָט איהר שוין געזאָגט: „אַז קיין שענערס ווי זײַן זעלדעטשקען האָט ער גאָרנישט געזעהען", און זי

יערט זיך פֿאַרט נישט אויף צו פּוצען, זי וויל נאָכמעהר געפֿעלען איהר מאַן.

צו זעלדען אין הויז איז היינט פּראָסט א פֿערגניגען אריינצוקומען: אומעטום ריין, שען, אלץ אין אָרדנונג. אויף איהר אברהם בערן לאָזט זי קיין שפּרינקעלע נישט פֿאלען; זי היט איהם אָב, ווי דאָס אויג אין קאָפּ און טראָגט איהם אונטער פֿון דעם שענסטען און בעסטען, אבי ער זאָל זיצען אין שטוב און אויף דערנאָכט נישט אין ערגעץ אוועקגעהן אָהן איהר. און ווי פֿיין איז זעלדע געוואָרען! איך זאָג אייך. אז אנדערע א סך ווייבער וואָלטען זיך נישט בעדאַרפֿט שעמען איצט לערנען זיך ביי זעלדען ווי צו שעצען א מאַן, ווי צו זיין א בעל־הבית'טע און ווי צו זיין א גוטע מוטער.

---

זלאַטע מיט זעלדען זענען היינט צוריק שלום ווי אמת'ע חבר'טעס, זיי געהען אָפֿט צוזאַמען מיט זייערע מאַנען איינס צום אנדערען צו גאַסט.

זלאַטעס שען שוואַרצהנ'עוודיג מיידעלע, גאָלדעטשקע, דאָס „פּינאָטשקעלע” און זעלדעס געזונד בלאָנד יונגעלע יאַנקעלע, האָבען א סך היינט־מאָדישע קינדערשע שפּיעלעכלעך און שפּיעלען זיך אָפֿט צוזאַמען פּונקט ווי זייערע מוטערס האָבען זיך אמאָל קינדרווייז געשפּיעלט אין „טשעכען” און אין „בעטלעך”.

# מאַן און ווייב.

## I.

### „יאָ“ אָדער „ניין“.

---

נאָך מיטאָג האָט יונה גלאַזמאַן בעדאַרפט זיך איילען אין סאַלאָ־
מאָן בערגפעלדס קאַנטאָר, וואו ער האָט פערנומען אַ שטעלע שוין
עטליכע יאָהר אַלס קאָרעספּאָנדענט. ער האָט זיך שוין אויפגעהויבען
פון טיש, דאָס יונגסטע קינד האָט זיך געצויגען צו איהם מיט די
הענדטלעך און זיינע דריי עלטערע קינדער האָבען זיך אָנגעטשעפּעט
אין זיין פּאָלע און געזאָגט:

— טאַטיז, דו וועסט אונז עפּעס ברענגען פאַרנאַכט, ווען דו
וועסט קומען אַהיים, דו האָסט זיך אונז אַליין אַזוי צוגעזאָגט, אַז מיר
וועלען זיצען שטיל, נעכטען האָסטו אויך געזאָגט...

— נו, נו, פיהרט זיך נאָר אויף ווי שטילע קינדער, דערקוט־
שעט נישט די מאַמען וועל איך אייך ברענגען — האָט יונה זיי געענט־
פערט ציהענדיג דעם פּאַלטאָ אויף די אַקסלען און דערווייל געקוקט
אויף זיין פרוי מיט אַזוינע אויגען, אַז זי האָט פערשטאַנען, אַז מיט
זיין יעצטיג קוקען פרעגט ער זי אַ בעקאַנטע פראַגע. איהרע ווייסע
באַקען זענען רויטלעך געוואָרען, איהרע שוואַרצע אויגען האָבען אָנגע־
הויבען גלאַנצען. זי האָט איהר מאַן אָנגענומען ביי דער האַנד, צוגע־
פיהרט אין אַ ווינקעל גלייך ווי זי וויל איהם אַ סוד זאָגען, אַזאַ סוד
וואָס ער האָט ערוואַרט פון טאָג אויף טאָג, און ווי וואָלט ער געוואָלט.

אַז זײַן ווײַב זאָל איהם מיט אַ פרעהליך געזיכט זאָגען „ניין״, נאָר אין איהר יעצט פערשעמט געזיכט האָט איהם זײַן הארץ געזאָגט „יאָ״, און שרעקענדיג, מיט אַ קלאַפּענדיג הארץ האָט ער זײַן פרוי אויף גיך געפרעגט אין דער שטיל:

— מירעלע! נו, זאָג שוין... ווײַטער „יאָ״... אָדער אפשר „ניין״?...

פערשעמט ווי אַ יונגע פרײַלין, וואָס בעקומט דעם ערשטען קוש אין איהר לעבען פון איהר היים-געליבטען, און מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, האָט מירעל אַרומגענומען איהר מאַן, אַ הײַסען לאַנגען קוש איהם געגעבען און שטיל-שרעקענדיג געענטפערט:

— דאַכט זיך „יאָ״...

—„יאָ״ זאָגסטו?... האָט ער געפרעגט און איז בלאַס געוואָרען.

יונה האָט גענומען זײַן שטעקעל און זיך אָנגעהויבען אײַלען אין קאָנטאָר אַרײַן.

— נו, נו, זײַ נישט אַזוי טרויעריג, יונה, גאָט וועט העלפען— האָט זי זיך בײַ איהם געבעטען, ווי אַ פערשולדיגטע און זײַן גאַנץ געזיכט אָבגעשיט מיט קושען.

יונה איז אײַלענדיג אַוועקגעגאַנגען.

— קום הײַנט פריהער אַהיים, יונה, איך בעט דיך! האָט זי איהם פון יענער זײַט טהיר נאָכגעשריגען.

---

## II.

# די גליקליכע צייט.

— צו וואָס האָב איך איהם בעדאַרפט אַזוי גיך זאָגען? האָט מירעל זיך אָנגעהויבען עסען דאָס הארץ און עס האָט איהר אָנגעהויבען שטאַרק באַנג טאָן, צו וואָס האָט זי איהם אויסגעזאָגט אַזוי גיך, — אויף דערנאַכט וואָלט איך אָנגעוואוירען דאָס טײַערע נײַעס איהם צו זאָגען? איך קען עס מיר נישט שענקען, צו וואָס האָב איך איהם נאָך בעדאַרפט זאָגען איצטער באַלד נאָך מיטאָג, ווען ער אײַלט זיך אַזוי און דאַרף אַוועקגעהן? פאַרוואָס האָב איך נישט געוואַרט ביז אויף דער נאַכט, ווען ער קומט שוין אײַנגעאַטעמט אַהיים און געהט שוין נישט אין

ערגיץ? ווער ווייסט ווי ער מוטשעט זיך נעבעך איצטער, ווען ער זאָל זיין אין דערהיים וואָלט איך איהם געטרייסט ווי תמיד... נישט אומזיסט זאָגט מען „אַז ווייבער קענען זיך נישט איינהאַלטען“, קיין קאַטאָוועס נישט, אַזאַ טייערע נייעס! נאָך פאַר דעם עסען איהם געוואָלט דערצעהלען! איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטען ביז נאָך דעם עסען, גוט חאַטש דאָס, וואָס דער מיטאָג איז איהם בעקומען.

שפּעטער מיט אַ שעה, ווען מירעל האָט אָבגערוימט פון טיש, איינגעשטילט איהר קלענסט קינד, אויסגעשטאַנען אַלע קאַפּריזען פון דעם קינדס אַם און אַוועקגעשיקט אביסעל שפּאַצירען אין גאַס, דער טומעל אין שטוב זאָל אביסעל קלענער ווערען, איינגעשטילט איהרע עלטערע דריי קינדערלעך, זיי צוגעזאָגט גילדענע בערג, אַז דער טאַטע וועט ברענגען אַ סך גוטע זאַכען, אבי זיי זאָלען זיך שפּיעלען שטיל און נישט שטערן זייער מאַמען אין איהר אַרבייט, נאָכדעם אַלעמען האָט זי זיך ווייטער דערמ..נט אָן איהר יונה'ן.

— וואָס מאַכט ער נעבעך איצטער? ער קער זיך נעבעך מוטשען... ער איז דען נישט געזעגט? עס איז דען נישט אַ גאָטס רחמנות אויף איהם! ערשט זעקס יאָהר ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר נאָך דער חתונה און שוין מיט דעם פינפטען קינד!... און די פּערדיענסטען ווערען נישט גרעסער, אַלץ די איינענע הונדערט רובל אַ חודש און האָרעוועט נעבעך אַזוי שווער ביטער, ער ווייסט נישט פון קיין רוה, אבי מעהר אַ רובל, אַלץ פאַר די קינדערלעך זאָלען לעבען, זיי דאַרפען קיין עין הרע גענוג האָבען, עס געהט נישט אַוועק דער טאָג מען זאָל קיין עין הרע נישט דאַרפען. איך רעד שוין נישט פון דער הוצאה אין שטוב, נאָר זייטיגע זאַכען, דאָ שיכלעך, שטיוועלעך, קליידלעך, און דאָ אַ דאָקטאָר, אַ רעצעפּט, נאָר אַ ריהר טאָן זיך ווערט שוין אַ תל פון אַ צעהנער-רובל. גוט ווען עס איז דאָ, אָבער ווען עס איז נישטאָ? הײַנט אַלעמאָל אַ אַם — אוי די אַמען, פון זיי איז גאָרנישט אויסצושטעהן, זיי קאָסטען אָב אַ אוצר מיט געלד, דאָס בעסטע פון מויל מוז מען דער אַם אוועקגעבען, איהר בעצאָהלען פריהער דאָס געלד און דערנאָך שטעה אויס אַלע איהרע קאַפּריזען, ווען נישט אַנטלויפט זי, געה יאָג זיך נאָך אַ ווינט אין פעלד! עס איז דען אויסצושטעהן פון אַלץ? אין אמת'ן האָט מיין יונה טאַקע אַ פּנים פון אַ יורען פון עטליכע פערציג יאָהר, ער האָט שוין אַ סך גרויע האָר אין קאָפּ און אין דער באָרד איז שוין אויך דאָ גרויע האָר און אינגאַנצען איז

ער אלט דרייסיג יאהר , עס זענען זיך נאך דא אזוינע בחורים ווי ער .
אין אמת'ן וואו איז געבעך אהינגעקומען זיין שענקייט , זיינע פולע ראזע
באקען , זיינע גאלדענע בלאנדע האר , זיין געזונדקייט , זיין לעבעדיג-
קייט און פרעהליכקייט ? ער איז זיך געווען דער שענסטער אין דער
גאנצער שטאדט , די שענסטע מעדלעך האבען מיך מקנא געווען . אין
דער אמת'ן : ווער איז דען גלייך געווען צו מיר ? ווי גליקליך האב איך
זיך געפיהלט , ווי ליעב און טייער איז ער מיר געווען ! שפיעלען זיך
מיט זיינע האר און קוקען אין זיינע בלויע סאמעטענע אויגען , איז זיך
פאר מיר קיין גרעסער גליק נישט געווען אויף דער וועלט . דאכט זיך ,
ווען ער זאל נישט געווען דאן וועלען פאר מיר א חתן ווערען , וואלט
איך שוין געווים לאנג געשטארבען , און איצטער וואו ? וואו איז דער
אמאליגער יונה ? — נישטא , נאר הויט און ביינער , די באקען איינגע-
שרימפען , נאר זיינע זיסע בלויע אויגען בלישטשען אזוי שען , אזוי גוט
ווי פריהער . ער איז דען נישט גערעכט ? ווער איז אין דעם אלעם
שולדיג , אז נישט די קינדערלעך זאלען לעבען ? כמעט אלע יאהר א
קינד . נאר וואס בין איך שולדיג , דאס ערשטע קינד האב איך געווי-
גען , האטש דער דאקטאר האט געזאגט , אז איך טאר נישט , איך האב
איהם נישט געהערט , מיינע קינדער האב איך געוואלט אליין זויגען און
ביים צווייטען האט יונה גאר ביי מיר נישט געפרעגט און געבראכט א
אם . יונה לאזט מיך נישט זויגען , מסתמא האט איהם דער דאקטאר
גוט אנגעזאגט , אז איך טאר נישט .

און אין נאך פיל זאכען האט זיך מירעל דערמאנט היינטיגען
טאג : ווי אזוי זי האט זיך בעקאנט מיט יונה'ן . ער איז נאך דאן געווען
א יונגעל פון א יאהר אכצעהן און זי איז געווען א מעדעל פון זעכצעהן
יאהר ; פון זייער ערשטע בעקאנטשאפט זענען זייערע הערצער איינם
צום אנדערן צוגעבאקען געווארען , יעדעס מאל זעהען זיך איז ביי זיי
געווען א גליק . שפעטער מיט א קורצע צייט איז ביי זיי געווארען איין
געדאנק ווערען „חתן-כלה" , ער האט נאך דענסטמאל געדיענט אין א
קאנטאר און האט שוין פערדיענט צוואנציג רובל א חודש ; אין די
יאהרען א יודישער בחור , וואס האט עלטערען זאל נאך פערדיענען , גע-
פינט זיך זעהר ווינציג ; מירעלס עלטערען האבען געוואוסט , ווי
אזא חתן צו שעצען . זיי האבען צוגעזאגט מירלען אכט הונדערט רובל
נדן , פיער הונדערט האבען זיי באלד געצעהלט און מירעל מיט יונה'ן
זענען למזל חתן כלה געווארען . ווען זיי האבען תנאים געהאט , האבען

זיך גאָט און לײַט געפרעהט מיט דעם שענעם, גלײַכען פאָר פאָלק.

יונה׳ס פרינציפּאל האָט איהם גלײַך געהעכערט זײַן געהאַלט אויף פופציג רובל, נדן האָבען זיי געהאַט עטליכע הונדערט רובל, זייערע עלטערען האָבען אויף זייערע הוצאות אויסגעמעבלירט פאַר דעם נײַעם פּאָר־פאָלק צוויי שענע צימערלעך מיט אַ קלײנער קיך און אַלץ וואָס אַ יונגע בעל־הבית׳טע דאַרף האָבען אין קיך, פון אַ הילצערנעם לעפעל ביז געפּעם, פון אַ קאָטשערע ביז אַ פעסעל, קײן זאך האָט ב״ה נישט געפעהלט, אַלץ האָבען זיי געהאַט: נײַע קלײדער, נײַע מעבעל, אַ נײַעם סאַמאָוואר, אַ ביסעל זילבער פון דרשה־געשאַנק איז אויך געווען, פון יונה׳ס געהאַלט איז געווען איבערגענוג אויף צו לעבען, און פון נדן איז געוואקסען פּראָצענט. עס איז געווען אַ פערגניגען זעהן דאָס יונגע פּאָר־פאָלק שפּאַצירענדיג אַלע פאַרנאַכט אין גאַס, און ווער שמועסט נאָך, זיי אָנקוקען אַלס יונגע בעלי־בתים׳לעך אין זייער קלײן נאָר רײן וואוינונג! דאָס רײנקײַט און זויבערקײַט האָט געשמעקט פון יעדען ווינקעל. ווער עס איז נאָר צו זיי געקומען האָט מירעל ליעב געהאַט ווײַזען איהר בעל־הבית׳ישקײַט, אַפילו צו זיך אין קיך אַרײַנגעפיהרט, ווײַל דאָרט אין קיך אַפילו, איז געווען אַ פערגניגען צו קוקען, ווי פון די נײַע פאַליצעס האָט אַראָבגעבלישטשעט און געשפּיגעלט קופּערנע פענדלעך, בעקעלעך, אויסגעוואַשענע טרוקענע טעפּ, אומעטום איז געווען ווײַס אָנגעשמירט, האָטש גאָלד צו לעגען, אַפילו דער פּריפּיטשאָק און די קיך־סטשירקעס זענען שטענדיג געווען רײן און אויסגעוואַשען.

הײַנט וואָס פאַר אַ טײַער לעבען האָבען זיי געפיהרט! אַלע טאָג פּינקטליך זײַגער אַכט זענען זיי אויפגעשטאַנען לעבעדיג, שמײַכלענדיג. דער סאַמאָוואַר האָט שוין געזאָטען און געפּינקעלט פון טיש, מירעל האָט אָנגעגאָסען טיי, געקוקט יונה׳ן גלײַך אין די אויגען, און געקוקט ווי ער טרינקט. דערנאָך האָט זיך יונה אָנגעטאָן רײן, זויבער, ווי אַ טאָק — ווי אַ פּראַנט, אַז מירעל פלעגט זיך נישט קענען זאַט אָנקוקען אין איהם. פּונקט פּינף אַ זײַגער פלעגט ער קומען פון קאַנטאָר, דער טיש איז שוין געווען געגרײַט, דער ווײַסער טישטעך און אַלץ וואָס איז געשטאַנען אויף דעם טיש האָט געבלישטשעט פון רײנקײַט און ציכטיגקײַט, דאָס עסען פלעגט שטענדיג זײַן געגראָטען און עס האָט געשמעקט.

אַלע טאָג פלעגט מירעל אויסטראַכטען צו מיטאָג נײַע פּאָטראַ־

וועס , שטענדיג איז בײַ איהר אויסגעקומען דרײַ פּאַרציעס און אַמאָל נאָך אַ פֿיערטע .

אײַנמאָל אין די ערשטע טעג, ווען זײַ זענען נאָר וואָס בעלי-בתּים געוואָרען, האָט יונה בעמערקט :

— מירעלע, דאַכט זיך, אַז צו רײַכע מיטאָגען גיסטו מיר . דו ווייסט דאָך, אַז קיין טויזענדער האָבען מיר נישט , מיר דאַרפֿען דאָך לעבען אַזוי עקאָנאָמיש ווי אונזערע עלטערען .

— וויפֿיעל מײַנסטו , יונה , קאָסט אונזער רײַכער מיטאָג ? האָט האָט מירעל געענטפֿערט מיט אַ געלעכטערל .

— איך ווייס ? דרײַ פּאַרציעס און נאָך אַמאָל אַ פֿיערטע אויך , קאָסט אודאי פּאַר צווײַ מענשען מעהר ווי אַ רובל , אין אַ רעסטאָראַן פּאַר אַזאַ מיטאָג צאָהלט מען אודאי צווײַ רובל .

— צווײַ רובל ! ? חאַ חאַ ! נו און וויפֿיעל רעכענסטו דאַרף אונז קאָסטען יעדען טאָג אַ מיטאָג נאָך אונזער שטאַנד נאָך , אַז מען זאָל פֿערשפּאָרען ווי דו זאָגסט .

—איך רעכען, אַז אונזער מיטאָג דאַרף קאָסטען אַכציג קאָפּיקעס, נאָר נישט מעהר ווי אַ רובל .

— אויב אַזוי , מײַן מאַן — האָט זיך מירעל העכער צולאַכט — צאָהל-זשע מיר צו נאָך צוואַנציג אָדער פֿינף און צוואַנציג קאָפּיקעס , ווארום אַט דער רײַכער מיטאָג, פֿאַר וועלכען דו שרעקסט זיך, אַז מיר וועלען מוזען אָנזעצען, קאָסט פֿינף און זיבעציג קאָפּיקעס און העכסטענס אַכציג קאָפּיקעס . פֿאַרגעס נישט, אַז אונזער דיענסטמיידעל עסט אויך . נו , דערצאָהל נאָך פֿינף און צוואַנציג קאָפּיקעס . דו האָסט געזאָגט איז פֿאַרפֿאַלען — האָט מירעל נישט אויפֿגעהערט צו לאַכען .

— אַזאַ מיטאָג פֿאַר דרײַ מענשען קאָסט דיך מעהר נישט ווי אַכציג קאָפּיקעס ? ווי אַזוי קען דאָס זײַן ? עס איז פֿראָסט צו בעוואונ-דערען זיך !

— בײַ מיר קען יאָ זײַן , אַט בערעכען אין מיטען , איך גנב׳ע בײַ קיינעם נישט, איך זאָל אַלע טאָג דערלעגען צום מיטאָג .

מיט אַ בעזונדער פֿערגניגען פֿלעגט מירעל אויסרעכענען פֿאַר איהר מאַן יעדעס פּיצעלע, וואָס זי האָט אײַנגעקויפֿט צום מיטאָג, איהם צו דערווייזען וואָס פֿאַר אַ בריה אַ בעל-הבית׳טע זי איז , אפילו ציבע-לעס מיט קאַרטאָפֿליעס האָט זי נישט פֿערגעסען צו רעכענען, און יונה,

חאָטש ער האָט געקענט גוט רעכענען, נאָר אין דעם חשבון פלעגט ער האָבען אַ טעות.

—נײן, עס איז נישט ריכטיג, נעהם אַ בלײפעדער מיט פּאַפּיר.

און מיט דעם גרעסטען פערגנינגען פלעגט ער נאָך מירעלס דיק־טעהען שרײבען די ציפער, און עס איז ווירקליך מעהר נישט אויסגע־קומען ווי פינף און זיבעציג קאָפּיקעס.

יונה פלעגט זיך נישט אויפהערען צו וואונדערען און מירעל פלעגט מיט שטאָלץ און מיט אַ בעזונדער פערגניגען צוזעהען, ווי ער וואונדערט זיך, וואָס פאַר אַ טײערע בעל־הבית'טע זי איז.

— עס איז פאָרט נישט צו פערשטעהן, ערקלער מיר, מײן טײערע — האָט זיך יונה אָנגערופען — אָט בײ מײן טאַטען נעהען איצט צום טיש אויך מעהר נישט ווי דרײ מענשען און זײ קאָסט אַ מיטאָג נישט ווינציגער ווי אַ רובל און וואָס עסט מען דאָרט? — אײן פונט פלײש פאַר אַלע און ווײטער די שטענדיגע גרויפּענע קאַשע אָדער דעם אַלט־בעקאַנטען באָרשט אָדער די בעוואוסטע יודישע קאַשע מיט יוך, און דו מאַכסט פאַר ווינציגער געלד אַ מיטאָג פון דרײ פּאָרציעס, אַז אַ גראַף מעג איהם עסען.

— גלויב מיר, יונה, אַז קײן נסים איז בײ מיר נישטאָ. דאָס אײגענע פונט פלײש, דאָס אײגענע ביסעל קאַרטאָפּליעס קויף איך אויך. נאָר מען דאַרף וויסען און קענען ווי דעם מיטאָג צו מאַכען, האָט זיך מירעל מיט שטאָלץ בעריהמט פאַר איהר מאַן.

און יונה האָט זיך געשעצט גליקליך איבער גליקליך, וואָס גאָט האָט איהם בעשערט אַזאַ בריה אַ פרוי, אַזאַ טײערע בעל־הבית'טע, וואָס איז נאָך אַזוי יונג און ווײסט שוין, ווי צו זײן אַ פּראַקטישע ווירט־טין.

---

## III.

### צײטען בײטען זיך.

מירעל האָט געהאַט דאָס ערשטע קינד. די הוצאה איז נאַטיר־ליך גרעסער געוואָרען: דאָ איז דאָס קינד נישט געזונד געוועזען, דאָ

מירעל אַליין, יעדעס מאָל האָט געקאָסט געלד און נאָך אַנדערע נישט־ערוואַרטעטע הוצאות זענען צוגעקומען, ווען עס קומט צו אַ קינד אין שטוב, דער קאַפּיטאַל איז שוין נישט געוואַקסען, פערקעהרט: עס האָט אָנגעהויבען אַ קלײנינקײט צו פעהלען, נאָר וויפיעל פערגניגען האָט דאָס יונגע פּאָר־פאָלק געהאַט פון זייער קינד! עס איז דען איבערצוגעבען?

גאַנץ פריה, ווען זיי האָבען זיך אויפגעחאַפּט פון שלאָף, די זון האָט שוין אַרײַנגעשײַנט דורך די שפּאַלטען פון די לאָדען, האָבען זיי דערזעהען ווי דאָס פּיצעלע האַלט שוין אָפען די אויגעלעך, שעפּטשעפּט און פּיפּטשעט מיט דעם מײַליכעל ווי אַ פײגעלע, עס שמײכעלט צו דער זון, און אויף דעם רעכטען בעקעלע שפּיעלט אַ קליין פּיצעלע גריבעלע. אָ! ווער איז דאַן געווען גלײַך צו די טאַטע־מאַמע. הײַנט אַז דאָס קינד איז עלטער געוואָרען מיט עטליכע חדשים, עס האָט שוין אָנגעהויבען ציהען מיט די הענדטלעך, פערטשעפּען זיך אין טאַטענס באָרד, בעלעבעטשען מיט דעם מײַליכעל „מאַמא“ „טיאַטיא“. ווער איז אימשטאַנד זייער גליק איבערצוגעבען?

יונה כ״ט מירלען האָבען געזעהען, אַז דאָס אמת׳ע גליק האָבען זיי ערשט אָנגעהויבען צו פיהלען זינט דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען. פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך בערעכענט, אַז נאָך זייערע פערדיענסטען, טאָרען זיי דערווײַל מעהר ווי איין קינד נישט האָבען. שפּעטער מיט אַ יאָהר פיער, ווען גאָט וועט העלפען, מען וועט מעהר פערדיענען, און מירעל וועט זיך אָברוהען, פאַפּראַווען אין געזונד, וועלען זיי האָבען ווײַטער אַ קינד — אַ יונגעלע, שפּעטער מיט אַ יאָהר דרײַ נאָך אַ טאָכטער. זיי האָבען אויסגערעכענט, אַז מעהר ווי צוויי זיהן מיט איין טאָכטער טאָרען זיי און דאַרפען מעהר נישט האָבען, און באמת ווי מעגען זיי זיך ערלויבען מעהר קינדער צו האָבען? זיי זענען דאָך נישט קיין גבירים, וואָס מעגען זיך ערלויבען קינדער אַ סך, ער איז זיך מעהר נישט ווי אַ מענש בײַ יענעם און קינדער דאַרפען אַזוי פיעל, קיין עין הרע, קאָסטען: מען דאַרף זיי ערציהען, מאַכען פאַר מענשען און אַרויספיהרען שען. ווער קען אויסרעכענען, וואָס קינדער דאַרפען האָבען!

— ווען מײַנע קינדער זאָלען נישט קענען, חס ושלום, אַרויסגעהן אין גאַס שען ווי אַלע אַנדערע קינדער פון לײַטישע עלטערען, וועל איך עס גאָרנישט איבערלעבען, פלעגט יונה זאָגען

מירעל פלעגט אויך דערמיט מסכים זיין, אַז איהרע קינדער מוזען אַרויסגעהן אין גאַס, ווי גרעפישע קינדער.

— דעריבער טאקע, האָט יונה געגעבען זיין ווייב מירלען צו פערשטעהן, דאַרפען מיר זעהען, אַז מיר זאָלען מעהר ווי דריי קינדער נישט האָבען, נישט אָנשיטען קינדער אָהן אַ שום חשבון ווי אונזערע טאַטעס, מען מעג יאָ האָבען צו די קינדער אָדער נישט, איז נישט זייער געשעפט. אַזוי קענען נאָר לעבען עגאָאיסטען, וואָס ווילען גאָרנישט טראַכטען ווענען קינדערס תכלית, און הערען נישט אויף צו שיטען מיט קינדער. אי ווי אַזוי די קינדער וועלען אויסוואַקסען? דאָס אַרט זיי נישט. ווי האָבען זיי קיין רחמנות נישט אויף די אומגליקליכע קינדער? מיט וואָס פאַר אַ רעכט ברענגען זיי אויף דער וועלט אָט די אומגליקליכע, ווען זיי זענען נישט אימשטאַנד ערציהען קינדער ווי עס דאַרף צו זיין און מאַכען זיי פאַר מענשען? אַז מען קען נישט דאַרף מען נישט, „מען דאַרף שטרעקען נאָך די קעקען". און ווידער ווי האָבען אַזוינע מענער קיין רחמנות נישט אויף זייערע ווייבער, זייער גאַנץ לעבען קינדלען און זויגען; און דערפאַר טאַקע קרענקען נעבעך אַזוי יודישע ווייבער; יעדע יודיש ווייבעל פון דרייסיג יאָהר האָט שוין אַ פּנים ווי פון פופציג — שוין אַ אַלטע יודענע, און דערפאַר טאַקע געפינען זיך צווישען יודען פוסטע אונערצויגענע קינדער, וואָס טויגען נישט און זענען נישט פעהיג צו קיין שום זאַך, ווייל מען האָט זיי נישט ערצויגען ווי עס דאַרף צו זיין, נישט געמאַכט פאַר קיין מענשען. ווער איז שולדיג אין דעם אַלעם, אַז נישט אונזערע יודעלעך אַליין, וואָס האָבען קינדער אָהן שום חשבון און ווי קענען זיי נאָר פון קינדער מאַכען מענשען, ערציהען זיי ווי עס דאַרף צו זיין, אפילו זיי זאָלען שוין דאָס וועלען, אַז ווען אין אַזאַ אָרימקייט ערלויבט מען זיך זעקס און אַכט קינדער צו האָבען? ניין, מירעלע, נאָך אונזערע פערדינען סטען, נאָך אונזער שטאַנד טאָרען מיר מעהר נישט האָבען ווי צוויי זיהן און איין טאָכטער מעהר נישט! גענוג! אי דאָס פון איין קינד צום אַנדערען דאַרפסטו זיך אָבּרוהען האָטש פיער יאָהר. אמת אונזער קינד איז שען און געזונד, אָבער ביי וועמען האָט דאָס קינד צוגענומען דאָס געזונד, אַז נישט ביי דיר? קוק זיך איצטער אָן וועסטו שוין זעהן, וואָס פאַר אַ אונטערשייד פון פאַר אַ יאָהרען ביז היינט! דו מוזט זיך אָברוהען, מירעלע.

אַזוי האָט יונה אָפט גערעדט מיט זיין פרוי, און פערשטעהט

זיך וועגען דער פראַגע פון קינדער־האָבען און וויפיל קינדער, צי יונג־לעך אָדער מעדלעך, און וועלכע צייט צו האָבען קינדער, האָט מירע־לע איינגאַנצען אייננעשטימט מיט איהר טייערן, ליעבען, קלוגען און געטרייען מאַן, און עס איז צווישען זיי פעסט געבליעבען, אַז זי דאַרף זיך פון יעצט אַבריהען פיער יאָהר און דערנאָך האָבען אַ יונגעלע און ערשט שפּעטער, שוין כמעט אויף דער עלטער, האָבען אַ טאָכטערל.

* *

*

אַ מענש טראַכט און גאָט לאַכט — עס איז נישט אַוועקגעגאַנגען אַ חודש זינט מירעל האָט אַנטוויינט איהר ערשט קינד איז זי וויטער, אין אַ גוטער שעה, פערגאַנגען מיט דעם צווייטען קינד, און שטעלט אייך פאָר, אַז יונה מיט מירלען האָבען זיך נישט נאָר דערפאַר דער־שראָקען נאָר פערקעהרט, זיי האָבען זיך מיט דעם נייעם דערפרעהט, ווי עפּעס אַ נייע גליק האָט זיי גאָט געשיקט, זיי האָבען זיך צוקושט און ביידע געזאָגט:

— צוויי קינדער מוז מען האָבען, איינס איז קיינס, איין גלאָז איז נישט גוט צו האָבען אין שטוב.

און זיי האָבען זיך דערמאָנט, ווען נישט היינטגעדאַכט זייער קינד איז נישט געזונד געווען האָבען זיי זיך אַזוי דערשראָקען, אַז עס איז זיי שיעור די נשמה נישט אַרויס פאַר שרעק, פאַר דעם הונדערט־סטען פאַל חס ושלום. „לאָז זיין צוויי" האָבען דאָס יונגע פּאָר־פאָלק געזאָגט, און געוואונשען זיך, עס זאָל זיין מיט געזונד, מיט פיעל גליק און מיט אַ סך יאָהרען.

---

מירעל האָט מיט מזל געהאַט אַ טאָכטער, אַלע האָבען געזאָגט, אַז דאָס וועט אויסוואַקסען אַ שענע, נישט אומזיסט האָט זי נעבעך גע־האַט אַזאַ שווער „טראָגען" און „האָבען", דער דאָקטאָר האָט עטליכע מאָל געזאָגט יונה'ן אויפ'ן אויער, אַז זיין ווייב טאָר נישט זויגען, ער האָט נעבעך געהאַט גענוג צרות און גענוג געלד איז אַוועקגעגאַנגען איידער ער האָט געפונען אַ אם, ווארום דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז וואָס די אַם וועט זיין געזינדטער וועט דאָס קינד זיין געזינדטער.

אין אַ צײַט פון דרײַ חדשים האָט מען דרײַ אַמען געביטען, דאָס קינד איז שוין נעבעך געוואָרען קראַנק פון דעם בײַטען. אײַן אַם האָט מען געגעבען פאַראוים געלד דרײַסיג רובל און מען האָט זי געמוזט אָבזאָגען, ווײַל דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז זי איז גישט אַזאַ געזונדטע; די צווײַטע וואָס מען האָט אָבגעזאָגט ווײַל דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז זי האָט ווינציג צו זויגען, האָט אויך געקאָסט געניג געלד און ערשט בײַ דער דריטער האָט מען זיך געמוזט האַלטען, חאָטש פון איהרע קאַפּריזען איז נישט געווען אויסצוהאַלטען. יונה אַלײַן האָט בעדאַרפט זײַן איהר משרת, דערלאַנגען איהר בײַנאַכט די געבריהטע מילך מיט דער גראָבער פּעטער הויט, דאָס בעסטע עסען האָט מען דער אַם אַוועקגעגעבען און טאָמער איז איהר נישט געפעלען פלעגט זי דאָס גאַנצע עסען שמײַצען און וואַרפען; דאָ האָט זיך איהר פערגלוסט ווײַן טרינקען, וואָס איז? ווען זי איז פאַר דרײַ יאָהרען געווען אַ אַם האָט זי גאָר קײַן וואַסער נישט געטרונקען נאָר ווײַן אָדער ביער. יונה האָט איהר דאָס אויך צוגעשטעלט, חאָטש ער איז נישט אימשטאַנד געווען, מען האָט אָבער געמוזט לײַדען אַלע איהרע קאַפּריזען פון רחמנות צום קינד — געה בײַט ווײַטער אויף אַ נײַע אַם! ערשטענס ווער ווײַסט צו דאָס קינד וועט דאָס איבערלעבען, עס איז שוין אַזוי געוואוינט צו איהר, און צווײַטענס ווער ווײַסט צי די נײַע אַם וועט זײַן אַ בעסערע? דערצו דאַרף מען נײַע געלד פאַר איהר אויסצאָהלען, עס איז פאַר יונה'ן אַזוי אויך גענוג שווער, איבער די קרעפטען, מען האָט ווײַטער נאָכמעהר געליטען פון דער דריטער אַמ'ס קאַפּריזען.

פון זײַערע עטליכע הונדערט רובעל נדן האָט אַלע מאָל אָנגעהויבען ווינציגער ווערען און דאָ האָט זיך נאָך געמאַכט אַזוי, אַז באַלד נאָכ'ן קינפעט האָט זיך בײַ מירלען אַ ברוסט „צוגעלעגט" און דאָס האָט אויף גיך געקאָסט אַ גאַנצען הונדערטער מיט אַ סך שרעקעניש.

קײַן סך הונדערטערס האָט יונה נישט פערמאָגט.

יונה מיט מירלען האָבען צווישען זיך פעסט אָבגערעדט, אַז מען זאָל נאָר דערלעבען געזונטערהײַד דאָס קינד אַנטווײַנען, בעפרײַען זיך פון דער וויסטער אַם די שלאַנג, וועט די הוצאה ווערען אַ ביסעל קלענער. קינדער וועלען זיי, פערשטעהט זיך, שוין מעהר נישט האָבען, גענוג איבערגענוג, זיי וועלען שוין פערזאָגען אַ צעהנטען! — דאַן, האָט יונה געדרונגען זײַן ווײַב, אַז מיר וועלען זיך בעפרײַען פון דער אַם, די שלאַנג, די קינדערלעך וועלען שוין אויך זײַן עלטער, דאַן

וועלען מיר אָנהויבען ערשט וויסען פון אַ רוהיג לעבען , מען וועט קענען אויך אָנהויבען פערשפּאָרען , ווארום קיין קאַפּיטאַל איז שוין כמעט נישטאָ , איצטער איז נישט מעגליך צו פערשפּאָרען און קלויבען אַ גראָשען , אָבער שפּעטער . . .

זינד דאָס צווייטע קינד איז געבוירען געוואָרען און מען האָט אַרײַנגענומען די אם אין שטוב , האָט זיך בײַם יונגען פּאָר־פאָלק דאָס גאַנצע לעבען אין אַלע אופנים איבערגעביטען . די אַמאָליגע ריינע צווײַ צימערלעך מיט דער שענער אויסגעפּוצטער קיך , איז גאָרנישט צו דערקענען , אַ גאַנצע איבערקעהרעניש ! אין קיך איז שוין נישט אַזוי ווי פריהער , אין שטוב רעסגלייכען , נישט אַלץ וואָס מען שטעלט אַנידער שטעהט אויף אַ אָרט , אַט דאַכט זיך לעגט מען אַנידער , אַט דאַרף מען שוין זוכען איידער מען געפינט ; פון דעם פונט פלייש , וואָס מען נעהמט צו מיטאָג ווערט שוין נישט קיין דריי געריכטען נאָר אַ באָרשט אָדער אַ קאַשע מיט יוך . יונה'ס קליינע ביבליאָטעק מיט שענע בענדער , וואָס ער האָט אָנגעקויפט נאָך בחור־ווייז און דאָס ערשטע יאָהר נאָך דער חתונה , וועלכע זענען שטענדיג געשטאַנען אין בעסטער אָרדנונג אין אַ געפּאָליטורטע שוואַרצע עטאַזשערקע , זענען איצטער צוואָרפען , אַ סך ביכער זענען צוריסען , אַלע קלייניגקייטען פון דעם שרייב־טיש זענען צוואָרפען איבער דער גאַנצער שטוב . דאָס שטעהענ־דיגע שפּיגעלע פון שלאָפציממער איז האַלב צושפּאָלטען און מיט שטויב בעדעקט . דער נייער געפּאָליטורטער טיש , וואָס פלעגט יעדען טאָג אָרומגעווישט ווערען ריין ווי גאָלד האָט אין זיך אַ גרויסען פלעק פון טינט און אַנדערע קאָלירען .

אָפט ווען יונה קומט צו מיטאָג איז נאָך אין שטוב נישט אויפ־געראַומט , אפילו די בעטען נישט אינגאַנצען פערבעט און דער בעזים שטעהט אין מיטען שטוב און ער דאַרף נאָך וואַרטען אַ גוטע שעה איידער דער מיטאָג ווערט פאַרטיג . ער זעהט ווי מירעל איז שטאַרק פערפּאָרעט , גרייט ער זיך אַליין דערווײַל צום טיש , אַ ווייסער טישטוך צו אַ ברודיגער אַלץ איינם אַבי געגרייט צום טיש . ביז דער מיטאָג ווערט פערטיג פערשטאָפּט ער דערווײַל די קישקע מיט טרוקען ברויט , און ווען מען דערלאַנגט צום טיש דאָס שטיקעל פלייש מיט דער קאַשע מיט יוך איז שוין נישטאָ דער פריהערדיגער אַפּעטיט , און היינט וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס עסען אינגאַנצען ? דאָס איז האַרט און יענץ איז רוי , געלד קאָסט אַזוי פיעל , די הוצאה איז קיין עין הרע

אזוי גרוים און אפילו פון מיטאג האט מען קיין הנאה נישט! יונה'ן פערדריסט אויך, וואס ווען ער קומט צום מיטאג, איז מירעל נאך נישט אנגעטאן און ארומגעוואשען ווי עס דארף צו זיין. שבת ווען יונה פלעגט בעדארפען איבערבייטען וועש, האט אפט געפעהלט קנעפליך אדער עפעס איז געווען צוריסען.

יונה אליין האט זיך אויך אויף א סך איבערגעביטען: דער שטענדיג געפוצטער יונה, וואס פלעגט ארויסגעהן אין גאס ווי א טאק, ווי א פראנט, פערפוצט, פערקעמט, געהט יעצט עפעס ווי א אבגעלאזענער, ווי א גאחליהע. ווער פערקעמט וואס פערפוצט! זיינע קליידער קוקען אן א בערשטעל אפשר איינמאל אין דער וואך ערב שבת; שטענדיג צושפילעט, צוחראסטעט, און ווי האט ער גאר צייט דערויף, אז אפילו נאך מיטאג געהט ער היינט אויך אוועק אין קאנטאר, ביז שפעט אין דער נאכט, ער האט אויף זיך גענומען מעהרער ארבייט פאר מעהר צעהן רובל א חודש, וועלכע ער דארף אזוי נויטיג האבען.

אמאל פלעגט ער פאר דער גאנצער אונארדנונג אין שטוב פארהאלטען זיין ווייב, ווער שמועסט נאך ווען ער פלעגט קומען אהיים צו מיטאג א אנגעהארעוועטער, א הונגעריגער און האט נאך בעדארפט ווארטען אויף דעם מיטאג, פלעגט ער ווערען אין כעס און שרייען אויף זיין ווייב, נאר שפעטער ווען ער האט געהאט צייט זיך בעטראכטען האט ער בערעכענט, אז זי איז כלל נישט שולדיג, זי איז נעבעך נישט מעהר ווי איין מענש, זי שטעהט אויף אין דערפריה, הויבט זיך אן מיט די קינדער, מיט דעם מיטאג קאכען, מיט דער אמ'ם קאפריזען, זי חאפט איין ארבייט פאר דער צווייטער, זי וויל אלץ פריהער פארטיג מאכען, היינט דאס עלטערע קינד שפילט זיך אליין, שמירט עס עפעס אוים, גיסט אוים, צוווארפט אלץ, וואס דאס קינד קאן נאר נעהמען, קאן זי איהם זאגען „טו דאס נישט, יענץ נישט"? זי דאנקט נאר גאט, אז דאס קינד שפיעלט זיך אליין און שטערט איהר נישט אין דער ארבייט, נאך א מענשען צונעהמען צום קינד טראגט נישט. יונה הארעוועט נעבעך אזוי אויך איבערן כח און זעהט אוים אזוי שלעכט, אז עס איז א רחמנות צו קוקען. ער שרייט אמאל אן אויף איהר, שווייגט זי — ווער דען זאל פערטראגען זיין שרייען, אז נישט זיין ווייב?

עס איז שוין שטענדיג אזוי געווען, ווען יונה האט נאר אויף מירלען געשריגען, פלעגט ער גלייך אין א שעה ארום אדער נישט שפעטער

ווי אויף מאָרגען צוואַנציג מאָל זי איבערבעטען , זי זאָל איהם מוחל זײַן, וואָס ער האָט אומזיסט געשריגען אויף איהר. מירעל פלעגט איהם ענטפערן, אַז זי איז גאָרנישט ברוגז אויף איהם .

— עס איז אַ ליגען , דו ביזט נאָך ברוגז אויף מיר .

— נײַן , חלעבען .

— איך בין אַזוי אין כעס געווען און איך האָב אַזוי פיעל אויף דיר געשריגען .

— אַז דו שרײַסט אויף מיר , טוט מיר נאָר וועה דאָס האַרץ אָבער ברוגז בין איך אויף דיר נישט .

— נו , טו זשע אַ לאַך , וועל איך וויסען, אַז דו ביזט אויף מיר נישט ברוגז.

— איך קען נישט לאַכען , ווען מען הײסט מיר לאַכען .

— נײַן , טו באַלד אַ לאַך , פלעגט יונה נישט אָבטרעטען ביז מי־על האָט זיך נישט ווילענדיג צולאַכט און ער פלעגט זי דערפאַר אָבשיטען מיט קושען .

מעהר ווי אַ האַלב יאָהר איז פון דעם צווײַטען קינפּעט אוועק־געגאַנגען און יונה מיט מירלען האָבען זיך טאַקע אָבגעהיט . נאָר דער־נאָך איז אַוועקגעגאַנגען נאָך נײַן חדשים און מירעל האָט אַזוי אָבגעהי־טערהייט געהאַט למזל אַ דריט קינד — אַ טאָכטער . יונה איז געווען אויסער זיך , נאָר ווען ער האָט דעם ערשטען קוק געטאָן אויף זײַן נײַער טאָכטער , ווי זי האָט געזויגט מיט די ליפּעלעך און געבלאָנדזעט מיט די אויגעלעך, האָט ער געפונען, אַז אַזאַ שענהײַט איז נאָך נישט געווען זינט די וועלט שטעהט . ער איז אין דער מינוט זעהר פרעהליך געוואָרען און ווי דער גליקליכסטער פאָטער האָט ער געזאָגט זײַן ווײַב :

האָסט געזעהען , מירעלע , וואָס פאַר אַ געטאָקט נעזעלע אונזער נײַע טאָכטער האָט ? זי איז געבוירען געוואָרען מיט אַ שוואַרצע פּעטלע האָר !

מיט אויגען פול פון מוטערליכען גליק האָט זי אַ קוק געטאָן אויף איהר יונה׳ן און אַ שמייכעל געטאָן עפּעס מיט אַ געזיכט פון אַ בקשה , און יונה האָט לאַנג געקושט זײַן נײַער טאָכטער .

די צײַט איז געגאַנגען , עס האָט זיך ווײַטער אָנגעהויבען מיט אַ אַם מיט קאַפּריזען , מיט נאָך מעהר אונאָרדנונג אין שטוב . די הוצאה איז נאָך גרעסער געוואָרען און יונה מיט זײַן מירלען זענען נאָכמעהר געווען פערארבײַט , אַז זיי האָבען זיך שוין גאָרנישט אומגעקוקט , ווי

פריהער, צי עס קען זיין ביי זיי אין שטוב מעהר אָרדנונג, אזוי איז מען געווען פערפּאָרעט, פערדאַרבּט. יונה האָט נישט נאָר אויפגעהערט שרייען נאָר פערקעהרט, ווי ער האָט קיין צייט געהאַט און זיך געאייַלט אין קאַנטאָר, פלעגט ער אַליין אָנטאָן דאָס עלטערע קינד, עס אַ־ומוואַשען און אָנהאָדאָווען, אויף דערנאָכט ווי ער זאָל נישט זיין מיעד פלעגט ער אויסטאָן זיינע עלטערע קינדער און מיט שענע מעשה׳לעך און ליעדלעך פאַרוויגען די צוויי טעכטער אין וויגעלע און די עלטסטע ביי דער מוטער אין בעט, און ביינאַכט אַז אַ קינד האָט געוויינט אָדער עפּעס געוואָלט, פלעגט ער זיך פריהער אויפחאַפּען און אין דער שטיל צופרידענשטעלען דאָס קינד, אַבי נישט אויפוועקען מירלען, זי זאָל חאָטש קענען רוהיג שלאָפען ביינאַכט.

נאָר ער פלעגט זיך טרייסטען:

— נו געננג!... דריי קינדערלעך איז נישט אזא גוואַלד, די אם — די צרה וועלען מיר אי״ה אויך באַלד איבערלעבען, די קינדער וועלען דערווייַל עלטער ווערען, מען וועט שוין קענען לעבען אַ ביסעל רוהיגער, מען וועט קענען פערשפּאָרען, נישט זיין אזוי פערשולדיגט, פון דערוואַקסענע קינדער איז נישט אזא געפּילדער מיט אזא אונאָרדנוגג, פערקעהרט: צו ביסלעך הויבען זיי שוין אָן אַליין מיטהעלפען אין שטוב אין דער אַרבּייט, און מען קען שוין אַ ביסעל אָברוהען.

---

## IV.

## אין קאַנטאָר.

טרויעריג איז יונה היינט נאָך מיטאָג אַוועקגעגאַנגען אין קאַנטאָר, ווען זיין מירעל האָט איהם פערשעמט, דערשראָקען, ווי אַ פערשולדיגטע, געזאָגט שטיל:

— דאַכט זיך „יאָ״...

— נו, אַז זי זאָגט „דאַכט זיך יאָ״ איז שוין געוויס „יאָ״ — האָט יונה געזאָגט צו זיך פון יענער זייט טהיר און מיט גיכע טריט אַרויס אויף דער גאַס.

ווי אַ צודולטער, ווי דער אומגליקליכסטער איז ער געגאַנגען און

קײן זאך נישט בעמערקט אַרום זיך , און מיט אַ אראָבגעלאָזטען קאָפּ, ווי גלײך ער האָט איהם איגנאַנצען פערלוירען , איז ער אַרײַנגעקימען אין קאַנטאָר .

— וואָס איז מיט אײַך , גלאַזמאַן ? האָט יונה׳ן דאָרט געפרעגט אײנער, וואָס איז געזעסען בײַ אַ שרײַב=טיש, וועלכער דיענט שוין צוזאַמען מיט איהם עטליכע יאָהר — וואָס זענט איהר אַזוי בלאַס , אַזוי טרויעריג ?

— האַ . . . וואָס ? . . . גאָרנישט . . . איך בין זעהר מיעד , האָט יונה געענטפערט און זיך געזעצט אויף זײַן שטוהל נעבען זײַן שרײַב=טיש .

יונה האָט עטליכע מאָל אָנגעהויבען שרײַבען און האָט אַלעמאָל אוועקגעלעגט די פעדער .

— עס גלוסט זיך מיר הײַנט נישט צו אַרבײַטען , איך בין שרעקליך שוואַך , איך בין זעהר מיעד , האָט זיך יונה געווענדעט צום יונגענמאַן , וואָס איז געזעסען נישט ווײַט פון איהם .

— מיר אויך נישט , האָט פרעהליך זיך אָנגערופען דער יונגערמאַן , זיך אויפגעהויבען פון שטוהל , אײַן פוס אָנגעשפאַרט אויף דער שטוהל , פערדרויכערט אַ פּאַפּיראָס און געלאָזט רויכבויגעלעך אין דער לופט .

— איהר ווײַסט , גלאַזמאַן — האָט זיך דער יונגערמאַן ווײַטער אָנגערופען — נעכטען האָב איך זיך כמעט שוין אינגאַנצען מיט „איהר״ ערקלערט , עס זאָלען נאָר נישט געווען אָנגעקומען קײן געסט . און עס קען אויך זײַן : איך וועל בעקומען אַ גוטען ענטפער , וועל איך נאָך הײַנטיגע וואָך אַ חתן ווערען .

— וואָס ?

—אַ חתן וועל איך הײַנטיגע וואָך ווערען פאר איהר, אַ, ליעבער פרײַנד ! איהר זאָלט וויסען ווי גליקליך איך בין , אַ סך זענען מיר מקנא אויף אַזאַ כלה. אין צוויי חדשים וועלען מיר אָבלעגען די חתונה.

— חתונה ! ? ?

— יאָ יאָ , די חתונה .

— חתונה ! ? ! . . .

— אַי געהט ! איך קען מיט אײַך נישט רעדען , איהר זענט מיט עפּעס פערטראָגען , לאָז שוין זײַן אויף אַ אַנדער מאָל , — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט , געזעגענט זיך מיט יונה׳ן , אָנגעטאָן זײַן נײַעם

מאָדנעם פּאַלטאָ מיט דעם העלען קאַפּעליוש, גענומען דאָס דינע שטעקעלע און פרעהליך לעבעדיג מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל אַרויס פון קאַנטאָר.

יונה איז געבליבען אַליין.

— אַ ריינער אומגליק אָט דאָס חתונה האָבען! האָט יונה אָנגעהויבען צו זיך — נו איינמאָל חתונה געהאַט, איז זיך שוין נישט אָבצוקויפען, אָבצושעפּען זיך דאָס גאַנצע לעבען! וואָס פאַר אַ פערברעך האָב איך אַזוינס געטאָן, וואָס איך קום אָב אַזוי פיעל אויף דער וועלט? אַז איך האָב חתונה געהאַט האָב איך געזינדיגט! אָבער אַזוי פיעל אָבקומען, זיך נישט אָברוהען אויף קיין מינוט, נישט וויסען פון קיין לעבען, פּינע און פּיגע, אַרבייט און אַרבייט ווי צעהן אָקסען אין דער יאַרמאָ, וואָס איז? — איך האָב חתונה געהאַט! — נו און זי? מירעלע מיינע... איז דען נישט אַ גאַנץ רחמנות אויף איהר?... נאָך מעהר ווי אויף מיר!... מילא איך... איך בין אין קאַנטאָר! אָבער זי נעבעך, וואָס זעהט זי? פערהאָרעוועט, פערקויפט, פעראַרבייט, אַז שלאָפען, אויסרוהען זיך לאָזט מען זי נישט. אַזאַ געזונד, שען, בליהענדיג מעדעל ווי זי איז געוועזען, אַזאַ לעבעדיגע, אַזאַ פרעהליכע, וויפיעל לעבען האָט זיך אין איהר דאַן געפונען? און וואָס איז איצט פון איהר געוואָרען? וואו איז אַהינגעקומען די פריהערדיגע מירעל? וואו זענען איהרע פאַרביגע באַקען, איהר פולער האַלז, איהר שענע טאַליע? הויט און ביינער איז געבליבען פון אַלץ, נאָר די אויגען בלישטשען נאָך אין איהר. ווער האָט דאָס אַלץ ביי איהר צוגענומען?

— די קינדער!... מיט וואָס פאַר אַ רעכט נעהמען זיי אַוועק ביי מיר מיין שען געזונד ווייב!?... און איצטער... ווייטער מיט דעם פיערטען קינד!... מיט דעם פיערטען קינד און מיט הונדערט רובלעס געהאַלט!... וואָס וועט זיין ווייטער? מיט מירלען?... מיט מיר?... מיט די קינדער?... ניין! ווייטער קען אַזוי נישט זיין!... איך וועל נישט דערלאָזען!... איך וויל נישט די קינדער זאָלען טאַקע אינגאַנצען אויפעסען מיין ווייב, מיין טייערער מירעלען, וועלכע איך האָב ליב, אָהן וועלכער אויף דעם הונדערטסטען פאַל חס ושלום, וועל איך אַ מינוט נישט קענען לעבען. איך וויל נישט, איך וויל נישט! אוים! אַנ'עק! אַ סוף!...

יונה איז זיך אַביסעל דורכגעגאַנגען הין און צוריק איבער דעם קאַנטאָר און זיך ווייטער אָבגעשטעלט ביים טיש.

— אַ מזל משטיינסגעזאָגט! — נישט יערענס מזל איז גלייך! — מיין עלטערער ברודער שלום האָט שוין צעהן יאָהר חתונה און האָט נישט איין קינד! אין אמת'ן ווי לעבט ער און ווי לעב איך? ער לעבט זיך ווי אַ גראַף! אין שטוב איז זיך אריינצוקומען ווי צום גרעסטען גביר, אַזאַ אָרדנונג, אַזוי שטיל, זיין ווייב ווערט אלעמאָל ברייטער און געזינטער און האָט אלע פערגניגען. שלום האָט חתונה געהאַט מיט ווינציגער נדן ווי איך, און בכלל ווי קומט זי צו מיין מירלען? דאַכט זיך מיין מירעלס קלענסטער פינגער איז געווען שענער פון איהר אינגאַנצען, און היינט? אוי, אוי... — ניין, ווייטער ווען נישט זיין אַזוי, עס מעג זיין וואָס עס וויל זיך און מעהר נישט! די גאַנצע וועלט מעג זיך איצט שוין איבערקעהרען — קיין קינדער וועל איך שוין מעהר נישט האָבען און איין קינד אָדער אפשר צוויי וועל איך אַוועקשיקען צו שלום'ן. ער מיט זיין ווייב האָבען מיר נאָך פאַר אַ יאָהרען צוואַנציג מאָל געשריבען און געבעטען, איך זאָל זיי שיקען מיינס אַ קינד, פאַרוואָס האָב איך טאַקע נישט געשיקט, ווייס איך נישט. וואָס וואָלט איך דאָ אָנגעוואָרען? די גרויסע פערגניגע', וואָס איך קען מיינע קינדער געבען פון די הונדערט רובל געהאַלט! איך ווייס, דאַכט זיך מיר, וואָס דאָרט ווארפט מען אַרויס געפינט זיך נישט ביי מיר אין שטוב! זיי נעהמען דען צו ביי מיר מיין קינד? וואָס ווער מיך אַרען, אַז מיין קינד וועט דאָרט זיין גוט און מיר וועט אויך ווערען גראַמער און גרינגער? מירעל וועט זיך חאָטש קענען אָברוהען. איך האָב נאָך פאַר אַ יאָהרען געוואָלט זיי שיקען פערלען, נאָר איך האָב מירלען נישט געוואָלט טאָן דערגעגען, זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט בענקען. דאָ, חלעבען, נאָך וואָס צו בענקען! דורשטיג אודאַי נאָך אַ קינד, קאַרג געפילדער קיין עין הרע ביי מיר אין שטוב! אַנ'אמת'ער מאַרק, אַז מען הערט נישט וואָס מען רעדט איבער זיי. איך וויל גאָרנישט וויסען! — נאָך טאַקע די וואָך און נישט שפּעטער ווי נאָך שבת שיק איך פערעלען צום ברודער. נאָך היינט אויף דערנאַכט וועל איך הייסען צוגרייטען אַלץ, וואָס פערעלע דאַרף מיט זיך האָבען און היינט אויף דערנאַכט שרייבען שלום'ן, ער זאָל שיקען נאָך פערלען. אַי, וואָס פאַר אַ שמחה וועט זיין, ווען זיי וועלען מיין בריעף בעקומען! זי, מיין שווגערין, געהט לאַנג אוים נעהמען צו זיך אַ קינד, שלום זאָל אַזוי נישט אומעטיג זיין, נאָר ער וויל נישט קיין אַנדער קינד ווי מיינס, אַי, עס וועט ווערען גאָר אַנ'אַנדער שטוב ביי מיר.

נאָך פיל גוטע נײַע פּלענער איז יונה'ן אויפגעקומען ווי צושטעלען זײַן הויז אין אָרדנונג און דערצו זאָל פון הײַנט אָן מעהר נישט אוועקגעהן וויפיעל ער פערדיענט און אפשר נאָך פערשפּאָרען.

פּלוצים האָט ער זיך ווײַטער דערמאָנט אָן זײַן מירלען, טאָמער וועט זי ווידער זאָגען, אַז מען וועט אוועקשיקען פּערלען וועט זי בענקען.

— איך וועל זי נישט הערען, זי וויל נישט פּערלען לאָז זײַן אַנ'אַנדער קינד. בײַ מיר איז אַלץ אײַנס, מעהר וועל איך זיך שוין נישט פּלאָגען... גענוג!...

---

# V.

## אַוועקגעשיקט.

הײַנטיגען אָווענד האָט מירעל אוועקגעוואָרפען אַלע אַרבײַט און אויפגעראָמט אין שטוב פּונקט ווי עס איז אַ יום־טוב, אַפילו די גלעזלעך פון די לאָמפּען רײַן אויסגעפּוצט, כדי עס זאָל ברענען ליכטיגער. אַלע קינדער, אַפילו דאָס קלענסטע, אָבגעוואַשען, אויסגעצוואָגען און גאַנץ רײַן אָנגעטאָן, זי אַלײן האָט זיך אויך אָנגעטאָן אַ ווײַס געפּרעסט קלײד. אַלץ אין שטוב איז געשטאַנען און געלעגען אין בעסטער אָרדנונג, אומעטום איז געווען זויבער רײַן, פון טיש האָט געפינקעלט דער סאַמאָוואַר; די קינדערלעך, וואָס האָבען געמײנט, אַז עס איז עפּעס אַ יום־טוב, האָבען זיך שטיל אויפגעפיהרט, ווײַל זיי האָבען געוואוסט, אַז יום־טוב גיט מען גוטע זאַכען.

דאָס אַלץ האָט מירעל געטאָן הײַנטיגען אָווענד דערפאַר, ווײַל זי האָט געוואוסט, אַז נאָך דער גוטער בשורה, וואָס זי האָט הײַנט נאָך מיטאָג יונה'ן דערצעהלט, וועט ער געוויס קומען טרויעריג, דערשלאָגען, אַראָבגעפאַלען בײַ זיך, דעריבער האָט מירעל געטראַכט: זאָל אַלץ אין שטוב זײַן אין אָרדנונג, ער זאָל ווערען פרעהליכער, נישט מײנען, אַז די וועלט איז שוין אינגאַנצען געפאַלען, נישט האָבען אין וואָס זיך צו טשעפּען און אין כעס צו ווערען. עפּעס אין דעם נײַעם, וואָס זי האָט הײַנט יונה'ן דערצעהלט, האָט זי נאָר זיך אַלײן בעשול-

דינגט און אַלץ געזוכט איהם צו פאַרגניגען. —

מיט אונגעדולד האָט זי ערוואַרטעט יונה'ן פריהער ווי אַלעמאָל, דאָס האַרץ האָט איהר זעהר וועה געטאָן פאַר איהם און זי האָט איהם געוואָלט טרייסטען, „אַז די וועלט איז נאָך נישט געפאַלען, זייַ זענען נישט איינע בייַ גאָט", גאָט גיט קינדער וועט ער געבען צו די קינדער און נאָך אַזעלכע ווערטער האָט זי צוגעגרייט איהם צו טרייסטען און דערצו האָט זי געוואוסט, אַז נאָר זי, זי אַליין איז אימשטאַנד איהם גוט צו מאַכען און טרייסטען — איהם פערגרינגערן.

— ער איז זיך אַזאַ גוטער — פלעגט מירעל אָפט זאָגען — מיר האָבען זיך אַזוי ליעב, עס איז גענוג, אַז מיר זאָלען זיך בײַדע גוט אָנקוקען אין די אויגען, אום מיר זאָלען אין אַלץ פערגעסען און פיהלען זיך פאַר די גליקליכסטע אין דער וועלט, ווער שמועסט נאָך צוזאַמען מיט אונזערע בריליאַנטענע קינדער; ווער האָט נאָך אַזוי ליעב קינדער ווי ער? איז דען דאָ אַזאַ געטרייַער פאָטער ווי ער? ער האָט דאָך דאָס בעסטע פערגניגען זיך ניאַנטשען מיט די קינדער, אַ סך מעהר ווי איך, און ווי האָבען איהם די קינדער ליעב! עס איז דען געזעהן געוואָרען אַזאַ טייַערער טאַטע מיט אַזעלכע קינדערלעך! נאָר... נאָר יונה איז דען נישט גערעכט? ער האָרעוועט שוין אַזוי אויך נעבעך איבערן כח, שוין אַ יאָהר, אַז ער שלעפּט זיך אין זייַן אַלטען פּאַלטאָ, אַז עס פלאַמט מיר דאָס פּנים, און וויל זיך נישט מאַכען קיין נייַעם. אַלץ גיט ער אַוועק די קינדערלעך, אודאי דאַרפען קינדער קיין עין הרע האָבען! וויפיעל קאָסט איהם געזונד, וואָס פון מיר ווערט אַ תל איבער די קינדער. ער שרייַט: וואו איז זייַן געזונדטע מירעל אהינגעקומען, ער איז דען נישט גערעכט?...

ענדליך איז יונה אַהיימגעקומען, ער איז געווען זעהר צוטראָגען, טרויעריג און אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, אַפילו נישט בעמערקט די גרויסע פערענדערונג בייַ זיך אין שטוב און אויף זייַן ווייַב און קינדערלעך, און אַפילו פערגעסען זיך צוקושען מיט זיי.

— מירעל! האָט יונה גלייַך געזאָגט, הייַנט שרייַב איך אַ בריעף צו שלום'ן, אַז איך שיק איהם אונזער פערלען. שוין פון אַ יאָהר, אַז ער הערט נישט אויף צו בעטען, מיר זאָלען איהם שיקען אַ קינד, די זאָלסט אָנגרייטען אַלץ וואָס פערעלע דאַרף מיטנעהמען, די פערד זאָלען נישט דאַרפען לאַנג וואַרטען.

מירלען האָט זיך עפּעס ווי אָבגעריסען אין האַרצען. טרערען

האָבען זי געשטיקט אין האַלז, זי האָט נישט געקענט ענטפערן, זי האָט נאָר געפיהלט, אז זי האָט זיך שטארק פערשולדיגט פאר יונה׳ן, וועלכען זי האָט אַזוי הײס ליעב, ווי קען זי גאר יעצט געבען איהם א דעה, וואס ער וויל טאָן? געווים איז איהם געבעכץ שווער. מסתמא דארף ער אזוי טאָן, זי קען איהם איצט נישט זאָגען ווי פאר א יאָהרען „איך וועל בענקען״. —

— נו וואס זאָגסטו, מירעלע?

—וואס זאָל איך זאָגען? אז דו פערשטעהסט אזוי, זאָל זיין אזוי, פערעלע איז דען נישט דײַן ווי מײַנס?

— טאָמער נישט פערלען? אפשר אַנ׳אַנדער קינד?

— וואס איז דער אונטערשיעד? אלע זענען אונזערע קינדער.

— אָט וועט זײַן בײַ שלום׳ן מיט זיין ווײַב א שמחה, ווען זיי וועלען בעקומען מײַן בריעף, אז איך שיק זײ פערלען, די שוועגעריןן וועט זיך נאָך מעהר פרעהען, זי וועט פערלען טראָגען אויף דעם קאָפּ.

---

אין אַכטאָג ארום איז געקומען פון יונה׳ם עלטערען ברודער א פוהר מיט עטליכע קישען און קאָלדרעס אײַנצוויקלען גוט דאָס קינד, האָטש עס איז געווען נאָך זומער, אויך איז מיט דער פוהר געקומען זײַערע א דיענסט מיט א בריעף, אין וועלכען שלום מיט זײַן ווײַב דאנקען טויזענד מאָל יונה׳ן מיט מירלען, וואס זיי האָבען זיך ענדליך בעשלאָסען, זיי גליקליך מאַכען און שיקען זיי זײַערם א קינד, דערצו האָט די דיענסט זײַ איבערגעגעבען א גרויסען טאָפּ פוטער, עטליכע סלאָיעס אײַנגעמאַכטס מיט נאָך אַזוינע מתנות. פערעלע האָט זיך זעהר געפרעהט, וואס זי פאָהרט זיך דורך צום פעטער.

די פוהר האָט זיך אביסעל דורכגעפאָהרען איבער דער שטאָדט מיט אלע קינדערלעך און דערנאָך איז די דיענסט מיט פערלען אוועק־געפאָהרען.

מירעל האָט נישט געוויינט, ווען זי האָט זיך געזעגענט מיט איהר פערעלען, זי האָט זי נאָר א סך געקושט און נאָך אמאָל געקושט. יונה האָט אויך עטליכע מאָל געקושט פערלען, אלעמאָל געמאַכט זיך א הארץ און געזאָגט מירלען:

— גענוג זיך קושען און סמאָצשקען, זי פאָהרט נישט אוועק קײן אמעריקא. נאָכאמאָל האָט ער מיט מירלען אָנגעזאָגט דער דיענסט,

אז טאָמער וועט דאָס קינד וועלען טרינקען זאָל מען געבען פון דעם רויטען פלעשעל, און טאָמער עסען, ליגט דאָרט אין פּעקעל, אויך טאָמער ווערט קיהל, זאָל מען דאָס קינד גוט אײַנדעקען און נאָך אַ דריטען מאָל געזעגענט זיך—די פוהר איז אוועקגעפאָהרען.

שטיל אָהן ווערטער, אָהן טרערען איז מירעל צוריק אַרײַן אין שטוב און יונה איז אוועק אין קאָנטאָר.

# VI.

## אין צוויי וואָכען אַרום.

צוויי וואָכען איז אַזוי אוועקגעגאַנגען. יונה האָט אָנגעהויבען וואָס ווײַטער צו פיהלען ווי עס געהט איהם עפּעס אָב בײַ זיך אין שטוב, ער קען זיך קײַן אָרט נישט געפינען, די גאַנצע שטוב איז עפּעס איבערגעאַנדערשט געוואָרען, עס איז אומעטום טרויעריג און שטיל. די איבריגע קינדערלעך האָבען זיך אויפגעהערט צו שפּיעלען און אַז זיי שפּיעלען זיך יאָ אַמאָל איז עפּעס אַזוי שטיל, אַז יונה פלעגט ווערען אומעטיג און טרויעריג.

— וואו איז אַהינגעקומען דאָס פריהערדיגע פרעהליכקײַט אין מײַן הויז, ווען פעריעלע איז געווען? נאָר אַנ'אַנדערע פרעהליכע שטוב איז געווען, ווען פעריעלע פלעגט זײַן, האָט יונה אָפט געזאָגט צו זיך.

יונה'ן האָט שטאַרק אָנגעהויבען פעהלען פעריעלס קלינגענדיג קול'כעל, וואָס פלעגט זיך הערען איבער דער גאַנצער שטוב פון פריה ביז נאַכט, ער פלעגט זיך דערמאָנען אָן דעם זעלטענעם פערגניגען, וואָס ער פלעגט אָפט האָבען פון פעריעלס קינדערשע רעד מיט חכמות, פון פעריעלס שפּיעלען זיך, שפּרינגען, טאַנצען, שרײַען.

דאָס אַלץ האָט יונה'ן שטאַרק אָנגעהויבען פעהלען, ווער שמועסט ווען די איבריגע קינדער פלעגען בײַם שפּיעלען דערמאָנען אויף זײַער קינדער-שפּראַך פעריעלס נאָמען, פלעגט זיך יונה'ן פּראָסט עקעל דאָס לעבען. נאָר ער פלעגט אַלץ אַראָבשלינגען, און אויב ער פלעגט יאָ דערמאָנען פאַר מירלען פעריעלען, פלעגט ער נאָר דערצעהלען ווי גוט עס איז איהר בײַם ברודער, ווי מען היט זי אָב ווי אַ אײגען

קינד, און ווי זיי דארפען זיך שעצען גליקליך, וואס מען האט זיי געשיקט דאס קינד.

יונה האט אויך געוואלט פאר זיין מירלען זיך אויסרעדען דאס הארץ, ווי שטארק ער בענקט נאך דעם קינד, ווי די גאנצע שטוב איז גאר קיין שטוב נישט אהן פערלען, עס איז אומעטיג, טרויעריג, ער קען זיך קיין ארט נישט געפינען און ווי גוט עס איז פריהער געוועזען, ווען אלע זענען געווען צוזאמען, נאר דאס אלץ האט ער מורא געהאט ארויסצוזאגען פאר מירלען און האט אלץ אראבגעשלונגען אין זיך.

יונה האט אזוי לאנג געליטען דערפון ביז עס איז געקומען א פריהמארגען, ווען ער איז נאר־וואס אויפגעשטאנען פון שלאף און געזאגט זיין ווייב:

— מירעלע, איך פאהר היינט אוועק, מארגען פריה וועל איך קומען.

— וואו פאהרסטו?

— צום ברודער אבנעהמען אונזער טייער פערעלע. איך וועל זי שוין קיינמאל נישט אבלאזען פון אונז, איך קען אהן איהר נישט לעבען. קיין קינד וועל איך איהם מעהר נישט געבען, פון היינט אן וועלען מיר שוין אלע זיין צוזאמען, מיר וועלן זיך שוין קיינמאל נישט צושיידען. אלע צוזאמען!

— פערעלע! מיין טייערער יונה!! האט מירעל נישט מיט איהר קול אויסגעשריגען און איז געפאלען האלב חלשות פון אזא גרויסער אונערווארטעטער פרייד, אז מארגען וועט זי זעהן פערלען און וועט זי שוין קיינמאל נישט אבלאזען פון זיך.

ווען מירעל איז געקומען צו זיך האט זי א גאנצע שעה געוויינט, דער דאקטאר האט געזאגט, אז דאס איז דערפון, וואס זי האט שטארק געליטען פון גרויס בענקעניש.

אין צוויי טעג ארום, ווען מען האט געבראכט פערלען האט זי מירעל א גאנצע שעה געטולעט צום הארצען און יונה האט זיך מיט א גרויסער שמחה ארומגעטראגען מיט דעם קינד און האט זיך אלץ נישט געקענט אנטיעשען און אנקושען פון גרויס פרייד.

די דינסט, וואס האט אבגעבראכט דאס קינד האט דערצעהלט: דעם ערשטען טאג, ווען פערעלע איז צו אונז געקומען און מען האט איהר געגעבען א סך שפּיעלצייג מיט נאך גוטע זאכען איז זי געווען זעהר פרעהליך, נאר פון דעם צווייטען טאג אן האט זי אנגעהויבען

טרויעריג ווערען. וואָס ר׳ שלום מיט זיין ווייב האָבען איהר געגעבען האָט נישט געהאָלפען; „דאָס טעלערל פון הימעל״ האָט מען איהר געגעבען, פון „פויגעל־מילך״ האָט מען איהר נישט געשפּאָרט, עס האָט אַלץ נישט געהאָלפען, אָט אויף אַ מינוט איז זי פרעהליך געוואָרען און דערנאָך ווייטער טרויעריג אויף אַ גאַנצען טאָג. דאָס קינד האָט שוין אָנגעהויבען בלאַס ווערען, דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית׳טע האָבען זיך דאָס לעבען גענומען, אַלץ געהאָפּט, דאָס קינד זאָל פרעהליך ווערען, נאָר איהר זעגט אָנגעקומען...

מירעל און יונה, אויסהערענדיג די דיענסט, האָט זיך פון זייערע אויגען געגאָסען טרערען און מירעל האָט געזאָגט: — דאָס קינד איז טאַקע אַביסעל אַראָב פון פּנים, מיינע ביינער זאָל זי נאָר איבערלעבען, ליעבער גאָט!

די איבריגע קינדער זענען מיט פּערעלס קומען אויפגעלעבט געוואָרען. זי האָט מיט זיך געבראַכט אַ סך שפּיעלצייג און ליאַלקעס און עס איז פרעהליך געוואָרען ביי יונה׳ן אין שטוב נאָכמעהר ווי פריהער. זיסע פרעהליכע קינדערשע קול׳כלעך האָבען עפּעס אַריינגעטראָגען אַ נייע לעבען, אַ נייעם גליק צו יונה׳ן אין הויז.

נישט לאַנג האָט מירעל מיט מזל געהאַט אַ פיערטע טאָכטער. יונה קען זיך גאָרנישט אָבלויבען פון זיין נייער טאָכטער, ער זאָגט, אַז אַזאַ שענהייט איז טאַקע באמת נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט, זי איז געבוירען מיט בלאָנדע האָר און האָט דער מוטערס אויגען.

# שטילע ווערטער.

(אַ טראַגעדיע.)

---

בײַ אדאָלף זעליגמאַן זענען שוין אַלע הײַמישע געזעסען אַרום טיש, נאָר זײַער זוהן לעוו האָט הײַנט צו מיטאָג געפעהלט.

בײַם שטענדיגען פרעהליכען טיש האָט הײַנט געהערשט אַ שטיל־קײַט, עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס קלאַפּען פון טעלער און לעפעל.

זעליגמאַן מיט זײַן פרוי האָבען כמעט גאָרנישט געגעסען, דער ביסען איז נישט געקראָכען אין טויל, זיי האָבען זיך נאָר געזעצט צום טיש צוליעב די קינדער.

— וואָס זענען זיי שולדיג? זיי וועלן עלטער ווערען, וועלן זיי זיך דערוויסען פון אונזער צער.

אײַן קינד האָט געפרעגט, וואו איז לעוו, נאָר דער טאַטע האָט אָנגעשריגען:

— עס!

און עס איז נאָך שטילער געוואָרען בײַם טיש, ווי פריהער.

פלוצים איז מיט אימפּעט אַרײַנגעלאָפען לעוו, אַ וואָרף געטאָן די ביכער אין אַ זײַט און אָהן ווערטער זיך געזעצט אויף זײַן פּלאַץ.

די עלטערן האָבען אויסגעמײַדט זיך בעגעגנען מיט די אויגען, און די קינדער, נישט וויסענדיג וואָס דאָ קומט פאָר, האָבען עפּעס מורא געהאַט אָנהויבען צו רעדען און מיט אונגעדולד געוואַרט דער מיטאָג זאָל זיך שוין ענדיגען, זיי זאָלען זיך וואָס גיכער קאָנען אָבטראָ־גען פון טיש, ציטערנדיג, דער טאַטע זאָל פאַר עפּעס נישט געבען אַ פּסק.

נאָך מיטאָג, ווען די קינדער זענען זיך צוגאַנגען, זענען די על־טערן נאָך געבליעבען זיצען בײַם טיש.

עטליכע מינוט איז מען נאָך אַזוי געזעסען און קײנער האָט זיך נישט אָנגערופען מיט אַ וואָרט, און אַזוי אַוועקגעהן פון טיש שווײַגענ־דיג האָבען זיך בײַ קײנעם נישט געהויבען די פיס.

פלוצים האָט לעוו עפּעס אָנגעהויבען רעדען אונטער דער נאָז, אַז קײנער האָט נישט פערשטאַנען אַ וואָרט, נאָר וואָס ווײַטער דײַטליכער און דײַטליכער:

— איך האָב עס נישט געוואָלט טאָן צוליעב איַיך . . . נאָר וואָס האָב איך געקאָנט מאַכען, איך האָב קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט...

— דערמוטלבען וועג , וואָס דיין טאַטע אין דיינע יאָהרען , האָסטו בעדאַרפט געפינען .

— איך קאָן נישט . . . איך וויל זיין אַ פרייער מענש . . .

— דו קאָנסט נישט , וואָס־זשע האָסטו זיך צו פערענטפערן פאַר מיר ? דערצעהל מיר בעסער נישט .

— וואָס מוטשעסטו דיין אייגען קינד ? ער קאָן נאָך קראַנק ווערן

— האָט זיך אַריינגעמישט די מוטער .

— איך מוטשע איהם נישט , ער פערענטפערט זיך , אַז ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער וועג , האָב איך איהם געענטפערט , אַז דער איינציגער וועג איז נאָר געווען פאַר איהם צו ליידען גלייך מיט אַלע יודען און טראָגען די יודישע צרות, ער איז נישט קיין איין־איינציגער— אַלע יודישע יונגע־לייט געפינען זיך אין זיין לאַגע .

— אָבער ביז וואַנען וועלן מיר עס ליידען !—האָט זיך לעוו אויפ־געהאַפט פון אָרט — און צוליעב וואָס דאַרף מען אַזוי ליידען ? !

— קיינער פרעגט נישט : פאַרוואָס און צוליעב וואָס ? אַלע ליידען אָהן שום פראַגען .

— איך קאָן נישט ! — האָט לעוו שטיל געענטפערט .

די עלטערען מיט דעם זוהן זענען זיך צוגאַנגען פון טיש .

אויף מאָרגען ווידער צו מיטאָג איז לעוו אַריינגעלאָפען אַ האַלבּ־טויטער און אַרויפגעוואָרפען זיך אויף די עלטערן מיט אַ געוויין און די ביכער זענען איהם אַרויסגעפאַלען פון די הענד .

— אַזאַ אומגליק , אַזאַ אונערוואַרטעטער אומגליק ! — האָט לעוו געבראָכען די הענד , — דער רעקטאָר פון אוניווערזיטעט זאָגט זיך אָב פון אָנצונעהמען געטויפטע יודען אויטער דער פראָצענט־נאָרמע גלייך מיט יודען , אַזאַ אומגליק !

— אַ גליק ! — האָט דער פאָטער געענטפערט — איצטער ווע̇סטו און נאָך אַזעלכע ווי דו, אויך זיך אויסלערנען ליידען גלייך מיט אונז— אַ גליק ! . . .

און שטיל אָהן ווערטער זענען די עלטערן מיט זייער זוהן זיך צוגאַנגען נאָך היינטיגען טיש . . .

# דער אײַנבינדער.

(פון לעבען.)

איך האָב דערנסטמאָל געוואוינט אין דעם שטעדטעל מעזיבעז און זײַנוויל אײַנבינדער האָט אויך דאַן געוואוינט אין מעזיבעז.

נאָר גאָט ווײסט, וואו ער וואוינט שוין איצט, ווײַל נאָך דאַן האָט זײַן שטענדיג בלאַס פנים נישט אויסגעזעהן, ער זאָל בלײַבען אויף לאַנג א מעזיבעזער תושב און דערצו איז ער געוועזען א יאַרעשליוועַר יוד פון א ווײַב מיט זעקס קינדער און האָט זיך מפרנס געווען פון אײַנבינדערײַ.

ווער ווײסט, וואו ער איז יעצט!...

נישט דאָס אָבער בין איך אויסען, איך וויל נאָר דערצעהלען, אז זײַנוויל אײַנבינדער איז געוועזען א גרויסער ליגנער, ער זאָל מיר מוחל זײַן, אויב ער געפינט זיך שוין אויף דער אמת'ער וועלט און זאָל אויף מיר נישט אין כעס זײַן, אויב ער וואוינט נאָך עד היום אין מעזיבעז.

אַזוי איז ער געוועזען א גאַנץ ערליכער און פרומער יוד, אָבער ווי ער האָט נאָר גענומען א בוך, א ספר צום בינדען, האָט ער קײנמאָל קײן וואָרט נישט געהאַלטען. בײַם נעהמען די ארבײַט און אויך פאַר־אויס דאָס גאַנצע געלד פאַר דער ארבײַט, האָט ער זיך אָנגעשוואוירען מיט באָרד און פאות, מיט ווײַב און קינדער און מיט משיח'ן, אַז אויף שבת וועט ער די אַרבײַט ברענגען און שטענדיג האָט מען איהם בע־דאַרפט נאָכלויפען עטליכע וואָכען ביז ער האָט די ארבײַט אָבגע־בראַכט.

אײנמאָל פרײַטאָג, דערמאָנענדיג זיך, אַז מאָרגען שבת וועל איך האָבען עטליכע פרײַע שטונדען צו לעזען און ווער ווײסט צו זײַנוויל וועט מיר הײַנט אָבברענגען דאָס נײַע בוך, וואָס איך האָב איהם זײַט צוויי וואָכען אָוועקגעגעבען בינדען, בין איך אַוועקגעגאַנגען צו איהם מיט דער דעה אָבצונעהמען דאָס בוך אַפילו ווען עס איז נאָך נישט געענדיגט; די צוואַנציג קאָפּיקעס פאַר זײַן ארבײַט האָב איך איהם בעצאָהלט פאָראויס, הײַנט וואָס קען ער מיר פאַר דעות זאָגען, איך מוז איהם אײנמאָל פאַר אַליע מאָל אָנלערנען און אָבנעהמען פון איהם נישט קײן געענדיגטע ארבײַט און זאָל ער וויסען אויף דעם צווײַטען מאָל.

נעהענדיג און טראַכטענדיג ווי אַזוי איך וועל זיך נוקם זיין אָן זיינוולען בין איך אַריין אין דעם געסעל, וואָס מען האָט מיר אָנגעוויזען וואו ער וואוינט.

דאָ אין געסעל האָב איך שוין קיין סך נישט בעדאַרפט פרעגען, מען האָט מיר גלייך אָנגעוויזען אויף אַ נידריג שטיבעל, געדעקט מיט פוילע שינדלען און דראַניצעס. אַלענפאַלס האָב איך זיך איינגעבויגען אַביסעל און בין אַריין צו זיינוולען אין שטוב, וואָס בעשטעהט פון אַ גרויסער קיך; דאָרט וואוינט ער מיט זיין ווייב און קינדער און דאָרט אַרבייט ער.

אַ גרויסער אויוען, וואָס האָט פערנומען אַ דריטעל קיך, האָט זיך פרעהליך געהייצט, ווי אין יעדען יודישען הויז אום פרייטאָג. אויף דעם פריפּעטשיק אין ביידע זייטען זענען אויף הייסע קוילען געשטאַנען פערשידענע טעפּליך און האָבען איבערגערעדט צווישען זיך, יעדעס אויף זיין קול. אַנ׳עלטער קינד איז נעבען זיי געשטאַנען מיט אַ גרויסען הילצערנעם לעפעל און האָט אַלעמאָל אָבגעשוימט אָדער מיט קאַלטע וואַסער צוגעגאָסען. זיינווילס ווייב איז געשטאַנען, שטאַרק פערפאַרעט נעבען דעם איינציגען פאַרבעטען בעט, פאַרשפּרייט מיט אַ ווייס רייַן לייַלעך, אויף וועלכען זי האָט פון נאָך רוי־טייג אויסגעלעגט „אויסגעמאַכטע” און „אויסגעפלעכטע” חלות לכבוד שבת. נעבען איהר האָט זיך געטשעפּעט אַ קינד מיט פערוויינטע אויגעלעך און געשטערט איהר די אַרבייט.

— זיינוויל! נעהם צו האַצקעלען, זאָל ער מיך לאָזען די חלות מאַכען, דו ווייסט נישט, אַז עס איז פרייטאָג? האָט זי אַלעמאָל געשריגען און זיינוויל, זיצענדיג ביי זיין אַרבייט נעבען אַ גרויסען טיש פול מיט ביכער, האָט יעדעס מאָל ווי אַ ווידער־קול געענטפערט:

— האַצקעלע! אַוועק פון דער מאַמען, און האַצקעלע האָט זיך געטאָן זיין זאַך, ווי נישט איהם מיינט מען עס.

*   *

*

ווי זיינוויל האָט מיך נאָר דערזעהן איז ער מיר אַקעגען געלאָפען ווי פערשעמט, ווי אַ פערזינדיגטער, וואָס מען האַפּט איהם ביי זיין זינד און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַ וואָרט אַרויסצולאָזען ד. ה. מיט כעס איהם פעסט זאָגען, ער זאָל מיר מיין בוך אָבגעבען

אפילו נישט געענדיגט, איך שענק איהם די צוואַנציג קאָפּיקעס כדי זיך נוקם זיין אָן איהם, האָט ער זיך גלייך אָנגעהויבען פערענטפערן און מיר געוויזען, אַז מיין בוך איז שוין אינגאַנצען פערטיג. עס ליגט שוין אין „פּרעס", מען דאַרף נאָר די אותיות שטעלען אויף דעם „רוקען", עס דאַרף געדויערן אינגאַנצען עטליכע מינוט, ער וועט מיר באַלד צו הויז אָבבערענגען.

— ניין, איך וועל שוין ביי אייך צו וואַרטען און וועל שוין מיט זיך נעהמען דאָס בוך, האָב איך מיט אַביסעל פערדראָס געזאָגט און דערצו האָב איך געוואוסט, אַז עטליכע אותיות שטעלען אויף אַ בוך דאַרף באמת מעהר נישט געדויערן ווי פינף אָדער צעהן מינוט.

— נו, אַז איהר ווילט זיין אַזוי גוט קענט איהר צוואַרטען, עס וועט נישט געדויערן, פייער איז דאָ אין אויווען, איך וועל נאָר אָנגליהען די „שרויף", און אַזוי רעדענדיג האָט ער מיר צוגערוקט אַ הילצערן בענקעל, עס אָבגעווישט מיט זיין פּאָלע פון דער קאַפּאָטע און איך האָב זיך געזעצט וואַרטען.

ווײַנוויל האָט באמת באַלד אַרויסגענומען מיין בוך פון „פּרעס" שוין אינגאַנצען פּאַרטיג, נאָר די אותיות צו שטעלען און האָט זיך אָנגעהויבען אײַלען: אָט איז ער ביים אויווען, פון אויווען צום ווינקעל און ווידער צום אויווען און ווייטער צום ווינקעל, אַזוי אַ מאָל צעהן, זאָגענדיג מיר אַלע מאָל: „אָט באַלד, באַלד, נאָך איין מינוט" און לויפט ווייטער אַרום איבער דער שטוב.

עס האָט אַזוי געדויערט צעהן מינוט האָב איך זיך אָנגעהויבען פעראינטערעסירען מיט זיין אַרומלויפען פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן מיט ליידיגע הענד און אָהן אַ אַרבייט, זאָגענדיג דערביי אין צוואַנציגסטען מאָל: אָט באַלד, באַלד, די רגע...

מעהר פון אַלץ האָט מיך געוואונדערט, וואָס קוקט ער אַזוי אָפט אין ווינקעל, קיין אויג נעהמט ער נישט אַראָב פון דעם דאָזיגען ווינקעל: וואָס זוכט ער און וואָס ערוואַרט ער פון דאָרט? איך זעה ווי זיין געזיכט ווערט וואָס ווייטער טרויעריגער... ער ליידט פון עפּעס... און הערט נישט אויף צו רעדען מיט זיך: „באַלד, באַלד, נאָך איין רגע'לע"... און ווענדט זיך ווידער צו מיר:

—זיצט, איך בעט אייך, נאָך אַביסעל, עס וועט שוין אַזוי פיעל נישט געדויערן... נאָך איין מינוט... מאַקע נאָר ווי אויף צוזעצעניש ווען מען דאַרף נויטיג איז זי... האָט ער געזאָגט און איז ווייטער געגאַנגען

צום װינקעל. ער בױגט זיך אָן און קוקט דאָרט װידער.

— װאָס זוכט איהר דאָרט יעדער מינוט ? פרעג איך איהם.

— גאָרנישט . . . אַט באַלד . . . פאָלגט מיך, װאָס דאַרפט איהר דאָ זיצען און װאַרטען, איך װעל אײַך באַלד אַלײן אָבבּרענגען אײַער בוך אַהײם, װען מען דאַרף װיל זי נישט . . .

— נישקשה, עס איז פרײַטאָג, האָב איך צײַט, איך װעל שױן װאַדטען, צו װאָס דאַרפט איהר זיך מטריח זײַן אַז איך בין שױן דאָ, ענטפער איך און פרעג איהם, װער איז די „זי װאָס װיל נישט".

— פערשטעהט איהר מיך, מײַן װײַב מיט „חלה זעצען" װאַרט אױך אױף איהר און איך מיט די אותיות שטעלען אױף דעם רוקען װאַרט אױך . . .

— אױף װעמען=זשע װאַרט איהר ?

— פערשטעהט איהר מיך, אַז די חלה זאָל בעקומען אַ שענעם אױסזעהן בײַם באַקען, מוז מען זי אָבשמירען מיט אַ „געלעכעל".

— נו װאָס=זשע קער זיך דאָס אָן מיט דעם שטעלען די אותיות אױף דעם רוקען ?

— װאָס הײסט װאָס ? װײסט איהר דען נישט, אַז דאָס „גלײַז גאָלד" אױף אותיות נעהמט זיך אַנדערש נישט אָן צום רוקען סײַדען מיט אַ „װײַסליכעל" ?

— יאָ איך האָב אַמאָל געזעהן װי פאַר דעם לעגען דאָס גאָלד אױף דעם רוקען שמירט מען מיט אַ „װײַסליכעל", נו איז װאָס ?

—װאָס הײסט װאָס ? אַט דאָס װאַרטען מיר זיך אױף דעם אײ...

— איהר האָט דען געשיקט קױפען אַן'אײ ?

— נײן, נאָר באַלד װעט זײַן און ער װײַזט מיר אָן אױף דעם װינקעל, צו װעלכען ער לױפט די גאַנצע צײַט קוקען און איך זעה דאָרט אױף דער ערד אַן'איבערגעקערטע זיפּ און אין דער זיפּ דרעהט זיך אַרום אַ הון און קװאָקעט.

— און װי אױף צוזעצעניש, רעדט װײַטער זײַנװײַל, װען מען דאַרף אַזױ נױטיג װיל זי זיך נישט לעגען . . . כמעט אַלע טאָג לעגט זי מיר אײן אײ און איצטער װי אױף צוזעצעניש . . . האָט ער געזאָגט און זיך אָנגעהױבען קראַצען אין קאָפּ, און די הון ? — האָט זיך װײַטער געדרעהט, װי אַן'אַרעסטאַנט אין טורמע און נאָך העכער געקװאָקעט.

דעם אמת געזאָגט האָב איך אין אָנהױב געמײנט, אַז זײַנװײַל װערטעלט זיך, אַז איך זאָל װאַרטען מיט דעם בוך ביז די הון די

קינפּעטאָרין װעט געלעגען װערען מיט איין אײַ, נאָר קוקענדיג אויף זײַנװילס פּרוי, מיט װאָס פּאַר אַ צער זי װאַרט אויף דער הונ׳ס לעגען זיך, האָט נישט אויסגעװיזען, ער זאָל זיך דאָ װערטלען און באַלד טאַקע האָב איך זיך איבערצײַגט אין דעם, װען זײַן װײַב האָט זיך אָנגערופען צו איהם:

— נעהם אַ קאָפּיקע בײַם יונגענמאַן און שיק דאָס קינד אין מאַרק נאָך איין אײַ, די חלה איז שוין פערגליװערט געװאָרען.

— בײַם יונגענמאַן קומט מיר שוין גאָרנישט, נאָך צוריק מיט עטליכע װאָכען האָט ער מיר בעצאָהלט אײנגאַנצען פאַר דער אַרבײַט, איך האָב שוין נישט בײַ װעמען צו לײַען און קײנער װעט מיר נישט לײַען, איך האָב זיך בײַ יעדען פערשולדיגט, אז די האָר זענען נישט מײַנע, האָט זײַנװיל געענטפערט זײַן װײַב. ער האָט װײַטער אַ קוק געטאָן אין װינקעל און געזאָגט:

— מיר װעלן שוין אַזױ פּיעל נישט דאַרפען װאַרטען אויף איהר, אײַביג װעט זי זיך נישט קװאָקען, נאָך אַ פּאָר מינוט...

די הון, די קינפּעטאָרין האָט אָבער אַ סך מעהר װי אַ פּאָר מינוט זיך געבלאָזען, געהאַקעט און געקװאָקעט, און דאַכט זיך אז זי אַליין האָט נישט געקענט צװעהען דעם צער פון איהרע בעלי-בתים און זיי געװאָלט אַ טובה טאָן און זיי בעגליקען מיט איין אײַ, נאָר עס איז, פאַר קײנעם געדאַכט, שװער צוגעגאַנגען און קיין אײַ איז דערװײַל נישט געװען.

איך האָב איהם געליהען אַ פּאָר קאָפּיקעס אויף אָבצואַרבײַטען, װײַל זײַנװיל האָט זינט ער לעבט קיין נדבה נישט געבעטען און נישט גענומען.



אין עטליכע מינוט אַרום, װען דאָס קינד האָט געבראַכט פון מאַרק אַנ׳אײַ, האָט זײַנװילס װײַב פרעהליך געזעצט מיט דער לאָפּעטע אין אויװען די אָבגעשמירטע חלות לכבוד שבת, מײַן בוך איז באַלד פאַרטיג געװאָרען און די אומגליקליכע קינפּעטאָרין איז ענדליך אויך בעפרײַט געװאָרען פון איהר אָסטראָג — די זיפּ, און אויפגעהערט זיך בלאָזען און קװאָקען...